מאַשע שטוקער־פּאַיוק

# דער צויבערבוים

מעשהלעך און לידער

הילף־צייכענונג: ח. סאָקאָלאָווסקי



בוענאָס איירעס

1961

**פון זעלבן מחבר:**

קינדערלעך, בוענאָס־איירעס 1948.

זינגענדיק, בוענאָס־איירעס 1951.

פאַרביקע כוואַליעס, בוענאָס־איירעס 1954.

גוט יום־טוב, בוענאָס־איירעס 1957.

# צויבערבוים

— הערט קינדער אַ מעשהלע, שיין ביז גאָר.
דערציילן כ'וועל אייך פון אַ וווּנדערוואָר.
עס איז אַזוי שיין, אַז סע גלויבט זיך קוים.
דאָך איז עס אַן אמת, פאַראַן אַזאַ בוים!

אין אַ טאָג, האָט זיך עטלעכע קינדערלעך פאַרגלוסט, און אפשר, האָבן זיי זיך טאַקע דערוווּסט, אַז ס'איז דאָ אַזאַ בוים, אַזאַ וווּנדערמין, וואָס זיינע צווייגן זענען תמיד גרין, זיינע בלעטער שטענדיק שטייף, און זיינע פּירות צום עסן רייף. אַ בוים וואָס גרינט און בליט נאָכאַנאַנד, פאַרשאָטן מיט צווייטן און פּירות באַנאַנד און גאָר דאָס גרעסטע וווּנדער פון אָט דעם בוים, וואָס הייבט זיך און שטייגט:

אַן אַנדער סאָרט פרוכט וואַקסט אויף זיין יעדן צווייג.
ווייל איינער אַ פלוים, בעט ער דעם בוים:

— בוים, בוים, גיב מיר אַ פלוים! און דער צויבערבוים זיינס אַ צווייג ציט אויס, מיט אַ פלוים אַזוי די גרויס, ווי איינער וויל און ס'איז אַזוי זאַפטיק און פריש און קיל...

ווייל איינער אַ באַר, טוט ער אַ גלעט דעם צויבערבוים און ער בעט:

— בוים, בוים, אַ באַרעלע גיב!

און דער בוים צעשמייכלט זיך אַזוי ליב, און כאַטש העכער פון אַלעמען איז זיין קאָפּ, זיינס אַ צווייג פון דער הויך צום קינד ער לאָזט אַראָפּ, און באַרעלעך גיט ער און גיט און גיט... מען עסט און מען שלינגט מיט גרויס אַפּעטיט, און מען קוויקט זיך דערמיט:

— איי, ווי געשמאַק, ווי גוט דאָס איז. אי ווייניק, אי זיס. און ווער עס וויל, פון דעם געניסט...

ווײל מען קאַרשן, פּערשקעס, עפּל, צו יעדן זמן,
וואָס אײנער וויל, איז אויפן צווײבערבוים פאַראַן...
מען עסט און מען עסט און עס ווערט ניט פאַרצערט. דווקא פאַרקערט, אַלץ בליאיקער, פולער דער צווײבערבוים ווערט.
— אַט דאָס איז אַ וווּנדער! אַט דאָס! אַט אָ דאָס!!!
און עס האָבן די קינדער זיך אַוועקגעלאָזט, מיט רווישיקער פרייד. פאַרפלאָכטן די הענטלעך אַזוי ווי אין אַ קייט און צווישן די ביימער פונעם סאָד זיך געדרייט —
זענען זיי געלאָפן, געטאַנצט און געשפּרונגען און זייערע קוֹ־לעכלעך הילכיק צעקלונגען.
— בוים, בוים, צווײבערבוים! ווו איז דײן אָרט? דאָ, צי דאָרט?
האָבן זיי דערזען אַן עפּלביימעלע שטיין, מיט עפּעלעך ווי קנעפּעלעך — קײַלעכדיק, קליין.
האָבן זיי מיט די אויגן געקוקט, מיט די ברעמען געצוקט, מיט די נעזלעך געשמעקט, געשמעקט און געפרעגט:
— ביימעלע קלײנס, ביימעלע שײנס. נאָר עפּעלעך בלויז כאַ־װעסטו אוים?
האָט דאָס ביימעלע, אַ פולע מיט עפּל, צעשאָקלט דאָס קעפּל, אַהין און אַהער און זיך צעקרעכצט:
— זאָל איך אַזוי ווימן פון שלעכטס, ווי איך ווייס נישט וואָס איר רעדט דאָ צו מיר. איך האָב דאָך עפּעלעך אָן אַ שיעור, איז וואָס דאַרף איך נאָך מער? אויפצוכאָוען זיי — איז מיר אויך גענוג שווער. צי וואָס באַדאַרף איך נאָך, צו וואָס?...
האָבן זיך די קינדערלעך ווייטער געלאָזט.
זענען זיי געלאָפן, געטאַנצט און געשפּרונגען
און איבערן סאָד זיסע קולעכלעך צעקלונגען:
— בוים, בוים, צווײבערבוים! ווו ביסטו פאָרט, דאָ, צי דאָרט?
האָבן זיי דערזען אַ פלוימען־ביימל, וואָס זעט אוים, געראָטן:
מיט פולינקע פלוימעלעך אָפּגעשאָטן.
האָבן זיי געקוקט, געקוקט און געצוקט, געצוקט און געשמעקט, געשמעקט און געפרעגט:
— פלוימען־ביימעלע, ענטפער אונדז גיך! נאָר פלוימעלעך בלויז האָסטו אויף זיך?

האָט דאָסביימל מיט די צווייגעלעך געטאָן אַ פּאַטש און אַ פּאָך:

— פּפּפּאָאָאָך! — גאָר דאָס פעלט מיר נאָך!

אָט אַזוי ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך מיט די פּיצעלעך אַזוי פאַרטאָן, אַז איך קוק נישט אַפילו צו מיין שכנה אַרויס. איך האָב שוין פאַרגעסן אַפילו, ווי איך זע אויס. ס׳אַר אַ פּאָרעם, קאָליר? ווי איז מיר! אַזוי פאַרפּליימלט זיך אַ שרעק, אַ שרעק!...

זענען די קינדערלעך ווייטער אַוועק.

ווייטער, טיפער אינעם סאָד אַריין. ערגעץ מוז דאָך דער צוי־בערבוים זיין!?

זענען זיי געלאָפן, געטאַנצט און געשפּרונגען — און צווישן די ביימער געזוכט און געזונגען:

— בוים, בוים, צויבערבוים!
צו די קינדער ווייז זיך שוין!...

האָבן זיי דערזען, ווי הויך און ברייט, אַ באַרנבוים צעוואַקסן שטייט, קוקט זיך אַרויף צום בלויען שפּיגל און זיין יעדער באַר איז גרויס ווי אַ קריגל, מיט אַ לאַנגן לויטערן האַלדז.

— יאָ, אָט דער בוים מוז זיכער פאַרמאָגן אַלץ! אַלץ!

און עס האָבן די קינדער געקוקט און געצוקט, געשמעקט און געפרעגט:

— באַרנבוים, באַרנבוים! באַרנבוים ברייט און הויך,
האָסטו אויסער די באַרן, נאָך פּירות אויך?
האָט דער באַרנבוים זיך נאָך מער פאַריסן:

— איר? איר זאָלט עס נישט וויסן? איר זעט דען נישט וואָס מיינע באַרן זיינען?

ווי העל און דורכזיכטיק
ווי ליכטיק זיי שיינען!
עס איז דאָך גאָלד. איך! טראָג אויף זיך
לויטער גאָלד! מיינע באַרן באַשטייען
פון אַלץ מיטאַמאָל!...
זענען געשטאַנען די קינדער
מיט די מיילעכלעך, אָפן —

און זענען באַלד פון דעם באַרנבוים
אויך אַוועקגעלאָפן...
זענען זיי געלאָפן און געדרייט זיך,
צווישן די ביימער אַרומגעשפּרונגען,
און איבערן סאַד דעם גאַנצן
זייערע קולעכלעך צעקלונגען:
— בוים! בוים! צויבערבוים!
ווי אַזוי זעט אויס דיין קרוין?
אוי! ווי נייגעריק מיר זענען
דיך וואָס גיכער צו דערקענען!...
און זיי האָבן דערזען אַ בוים
מיט אַ קרוין — ווי אַ רונדע פּעלערינע,
מיט אַזויפיל בלעטער דינע, גרינע
אַזוי ברייט און געדיכט און לאַנג —
פון גאָט אַליין אַ געשאַנק...
האָבן די קינדער געקוקט, געקוקט און געצוקט
געשמעקט און געפרעגט:
— פּאַלמעלע — פּאַל, מיטן פּנים צו דער זון,
איאָ, דו ביסט דער בוים וואָס מיר זוכן אַרום?
אויף דיינע שלאַנקע הענט,
מיט פינגער אָן אַ צאָל, האָסטו דאָך
אַוודאי, אַלע פּירות מיטאַמאָל?
האָט די פּאַלמע זיך צעלאַכט: כאַ־כאַ־כאַ!
אויף אַ קול,
— איך?! איך זאָל טראָגן אויף זיך —
פון פּירות אַן עול? —
פּירות? פאַר וועמען? איך בין דאָך זאַט!
און קוקט אָן ווי גלאַט און שענער פון אַלצדינג
איז מיינס אַ בלאַט!...
נאָר קינדערלעך ווערן דאָך קיינמאָל ניט מיד,
זענען זיי געלאָפן מיט גרינגיטשקע טריט,
אומעטום, אַרום און אַרום, אַהין און אַהער
און זיי האָבן געקלערט:

— דער בוים, דער צויבערבוים, ווו איז ער?
און ווער איז ער? — ווער?
און געלאָפן זענען זיי, פון אַליי צו
אַליי, פון מין צו מין, געזוכט
און געקוקט, אַהער און אַהין, —
און מיטאַמאָל איז עס געשען, —
פּלוצים האָב זיי דערזען, אין געדיכט צעביימערטן סאַד,
אין אַ צאַם פון אַ צויבער־ראָד, אויבנאָן, — אינדערמיט,
שטייט זיך אַ בוים פּילפּאַכיק צעבליט...
אין צווייג בליט ווייס, אַ צווייטע — געל, אַ דריטע — ראָז,
אַ פערטע בלוי — און אָט איז פּיאָלעט!
אָראַנזש־קאָליר און פייער־רויט!...
האָבן די קינדער אויפגעריסן די אויגן:
— אָט איז אַ בוים ווי אַ רעגנבויגן!
האָבן אַלע מיטאַמאָל געטאָן אַ געשריי,
און דערזען האָבן זיי
צווישן די צווייטן, אויף יעדן צווייג — דאָ און דאָרט
וואַקסט אַ פּירה — אַן אַנדער סאָרט...
און די קנאָספּעלעך ווי גלעקעלעך, וויגן זיך
הער און הין און זיי קלאַפּן זיך אָן:
— דין־דאָן! דין־דין!...
דין־דאָן! דין־דין!
און אויף די ברוינע שטענגעלעך,
אַלע מינים פּרוכטן — פולע מענגעלעך!
אַליך רייפער און צייטיקער זיך צעהעלן,
און זיי פינקלען זיך פונאַנדער אין בלערליי
פּאַרמיקע, פּאַרביקע קאַרעלן —
און מיט ברייט צעשפּרייטע בלויע פליגל, פון טיף
פּאַרהוילענע נעסטן — פלאַטערן אַרוים
זינגענדיקע פייגל, זיי טרילערן
און צווישטשערן אין יעדער זייט,
און עס קייקלט זיך אַוועק ווייט־ווייט,
און עס הוידערט זיך זייער ריטמיש געזאַנג

אַראָפּ און אַרויף אַזוי דין און לאַנג־לאַנג,
אויף די שטראַלן־הוידלקעס פונעם רוים —
און דער שטאַם פון דעם בוים,
מיניעט זיך אין ליכטיקסטן גרוי,
און עס שיינט אַזוי, פונקט ווי עכטער
פּלאַטין.
און אויף זיין קרויזיקער קרוין,
וואָס פּלעמלט זיך אין בלוי און גרין
אויפן סאַמע סאַמע העכסטן שפּיץ,
אַ גינגאָלדענע שטראַלנדיקע פּאַווע זיצט —
אַלע פעדערן אין איר רונדיקער ברייט
איבער אַלע בלעטער פונאַנדערגעשפּרייט
און אין דער לענג — איבער אַלע צווייגן
אויסגעצויגן, און אויף די פעדערן בליִען
אָן אַ צאָל — תמיד־גליִענדיקע אויגן.
און וואָס אַן אויג דערזעט, פון דער ווייט
צו פון נאָענט, אויף דער וואָר, און אין טרוים,
בליט עס באַלד אויף — אויפן צויבערבוים...
האָבן די קינדער געקוקט און געגאַפט —
און מיטאַמאָל האָבן זיך אַלע פאַרטראַכט:
— דאָס איז דאָך עפּעס גאָר גאָר גאָר
אַ וווּנדערלעכע זאַך!?...
צי זעען מיר דאָס טאַקע אין דער אמתן, האַ?
צי אפשר איז עס נאָר, אַ חלום אַזאַ?
עס האָט זיך שוין געטראָפן, אָ וויפל מאָל,
אַוודאי, יאָ! מען כאַפּט זיך אויף און —
און — דער חלום איז נישטאָ...
האָט דער בוים דערהערט, וואָס יעדעס קינד טראַכט
און ער האָט געטאָן אַזאַ ליכטיקן לאַך,
אַז ער האָט זיך דערפון נאָך מערער צעבליט
און מיט אַלערליי צווייט, זיי אַלעמען געגלעט,
געטריי און מיט זאַפטיקער ליבשאַפט גערעדט
— פאַר יעדן קינד — פון דופטיקע רייד — אַ פרישן בוקעט:

—אָ, קינדערלעך טייערע, כ'ווייס וואָס איר טראַכט!
איז דען אַצינדער ביינאַכט?
עס שיינט דאָך די זון און אַלינקע איר,
דאָ אַרום מיר — זענט דאָך וואָך!
איר שלאָפט דאָך ניט? — ניין!
איר זעט ווי דער הימל בלויט אַזוי שיין —
איז קאָן דאָך ניט זיין
אינמיטן דרינען, אַ חלומל סתם?
נאַט און פרווט! פאַרזוכט מיינע פרוכט!
און דערפילט דעם טעם!...
זענען די קינדער צוגעפאַלן
ווי דורשטיקע שטראַלן, צו טייכן און קוואַלן —
צו די אַלערליי פּירות פונעם וווּנדערבוים,
די קעפּלעך פאַרריסן
צו דער גילדענער פאַווע — פול מיט אויגן
אויף זיין בלוי־גרינער קרוין.
און יעדער איינער האָט געבעטן
די פרוכט וואָס אים געפעלט,
וואָס זיי וואַקסן אין אַלע זמנים,
און אין אַלע לענדער, פון גאָר דער וועלט...
— מיר אַ באַר! — מיר אַן עפּל!
— און מיר אַ גרויסע פרישע פלוים!
— מיר ווייַנטרויבן! מיר קאַרשן!
— און מיר פאָמעראַנצן! צויבערבוים!
— מיר טייטלען! מיר פייגן!
— מיר אַגרעסן! ווייַנפּערלעך!
— טייטלען! פייגן! באָקסער און מאַנדלען!
— און מיר גיב אַלץ! אַלצדינג מיטאַמאָל!
— און מיר גיב די פרוכטן, וואָס זענען
אינגאַנצן נאָך אין ערגעץ נישטאָ!...
— גיב! גיב! אַלץ! יאָ! יאָ! יאָ!...
און דער בוים וואָס האָט פון אַלצדינג, ער בליט און גיט נאָכ־
אַנאַנד אַזוי גרינג, דעם און יענעם, דאָס און יענץ, נאָך און נאָך —

ער ווערט נאָך פולער און שענער דערפון. עס שמעקט אַזוי די לופט, און דער בוים רופט און רופט:

— קינדערלעך, עסט! עסט צו גענוג! עס מאַכט אייך שטאַרק און גוט און קלוג, און שיין. אָד־אָך, ווי שיין, עסט און עסט וויפל איר ווילט אַליין!

ס'איז פאַר אייערטוועגן גרייט, עסט און וואַקסט געזונטי־קערהייט!

האָבן זיך פון פרייד די פיסעלעך צעטאַנצט, די אייגעלעך צע־גלאַנצט, זיי האָבן זיך געקוויקט און אַלץ מער זיך אַנטציקט:

— מיינע קאַרשן זענען ווייניק.

— מיין באַרעלע איז זיס!

— איי־איי ווי געשמאַק! ווי גוט דאָס איז!

און עס האָבן זיך די קינדער פאַרפלאָכטן אין אַ ראָד
אַרום דעם צויבערבוים אין אונדזער אַלעמענס סאָד —
זיך צעזונגען אויף אַ קול, נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל:

— שטענדיק זאָלסטו זיין אַזוי
פול מיט פרוכטן פריש ווי טוי,
נייע צווייטן אין דיין קרוין,
אונדזער, אונדזער צויבערבוים!...

# דער בעקער

ס'איז אַ מעשה שוין פֿון יאָרן —
איידער נאָך איר זענט געבאָרן
און אַפּילו אויך, מסתּמא,
איידער אייער טאַטע־מאַמע,
זיידעס, באָבעס, אויך אַצינדער
זעען מיר דאָס. הערט־זשע, קינדער:

— ס'האָט אַ בעקער אויף דער וועלט,
איינמאָל, זיך אַוועקגעשטעלט,
אין אַ פֿאַרטעכל, אַז ס'בלענדט
זיפֿן מעל מיטביידע הענט,

גיסן, מישן, קנעטן, באַקן,
באַקן ברוינעם ברויט געשמאַקן
נישט נאָר ברוינעם, — ווייסן, געלן —
וואָס נאָר איינעם איז געפֿעלן.
קימל־ברויט און זעמעלעך,
פֿרישע קרוכלע בייגעלעך
און לכּבֿוד שבת — חלה.
האָבן באַלד דערוווּסט זיך אַלע,
איבער געסעלעך און ראָגן
האָבן זיך גענומען טראָגן
שושקערייען אַלערליי:

— שו־שו! שו־שו! איינס און צוויי,
ווערט אַזאַ מין שושקעריי

און מען חידושט זיך דערביי:
— הערט אַ מעשה! אַזאַ מעשה!
אין אַ פּאַרטעכל אַ ווײַסן
באַקט אַ בעקער — הערט מען ריידן
אַז דאָס ברויט איז — טעם גן־עדן!
נישט געווען נאָך גאָר אַזאַ!
— אָ־וואַ! אָ־וואַ!
נעמט מען הייבן מיט די פּלייצעס:
— ס'אַראַ אויוון ער באַהייצט עס!
אָ־וואַ! אָ־וואַ!...

און מען טשמאָקעט מיט די ליפּן:
— אַז ער נעמט דאָס מעל נאָר זיפּן
פליט אַ ווייסער שטויב אַרויף
און דאָס טייג אַליין גייט אויף!
אָ־וואַ!...

אָ ס'אַ בעקער! אַזאַ בעקער!
לויפט מען שוין פון אַלע עקן,
נעמען צינגער זיך באַלעקן
און די נעזער ציִען, שמעקן:
— הום, ס'אַ ריחות! אײַ־אײַ־אײַ!
לויפט מען צו דער בעקערײַ.

קומט איין מענטש, קומען צוויי
איינס נאָך איינעם וואַקסט די ריי,
אונטער אָרעמס טראָגן זיי,
ווייסע טאָרבעלעך ווי שניי
און זיי שטופּן אַלץ אַהין
ברייטעלעך פון יעדן מין.

ברוינע, געלע, שוואַרצע, ווייסע —
פונעם בעקערס הענט זיי רייסן
נאָר, ס'אַ מעשה גאָר אַ שיינע:
אָט, די טאָרבעלעך די קליינע

פול — זיי קענען גאָרניט ווערן?
ס'איז צום שטויגען און צום קלערן.

— נאָך! מ'בעט אַליין און מ'בעט,
און דער בעקער שטייט און קנעט
פון באַגינען ביז גאָר שפּעט
און דאָך, אָסור, אויב מ'זעט
אויף זיין פּנים טראָפּנס שוויים?
— כאָטש ל'עם אויוון איז דאָך הייס?

און ער זעצט אַהין און — זעצט,
מיט אַ געלכעלע באַנעצט
און באַשמירט דאָס ברויט זאָל גלאַנצן.
האַלט די לאָפּעטע אין טאַנצן
נישט אַ רגע שטייט זי איין:

— פּוק! אין אויוון רוק אַריין!
— הע־הע־הע! ס'אַ ברויט ס'עט זיין!
— זעט ווי קיילעכדיק און פיין!
פרייט דער בעקער זיך און קוועלט:
— כ'בין אַ בעקער אויף דער וועלט!!!

קומען מענטשן, וואַקסט די ריי,
מערער! מערער ווילן זיי
וואָס אַ טאָג און וואָס אַ וואָך;
אַלע שרייען: — נאָך און נאָך!
און נאָך!...

— — — — — — — — — — — — — —

האַקט אַ העקער האָלץ אין וועלדער,
זייט מען תבואות אויף די פעלדער,
הויפנס קערנער, טריט ביי טריט —
גייט אַ קאָלאָניסט און שיט

אַלע מינים, ווייץ און קאָרן —
גייען טעג און וואָכן פאָרן,

נאָכאַנאַנד חדשים ציִען,
און די יאָרן פליִען־פליִען —
פרעגט דער בעקער פון דער וועלט:

— נו, דאָס ברויט מיינס, אייך געפעלט?
דרייט מען מיט די קעפלעך — טאַקע,
אפשר קאָן זיין נאָך געשמאַקער?
זאָגט דער בעקער: — יאָ. איך קאָן!
און נאָך פלינקער הייבט ער אָן.

מיט די גרויסע שטאַרקע פויסטן
אין די מולטערס נעמט ער שטויסן
הין און הער, אַהין און קריק
שיינט זיין פנים: — ס'אַראַ גליק!
זעט נאָר, ווי עס וואַקסט דאָס טייג
קיין עין־הרע! קיין בייז אויג!...

ווערן טישן פול באַלאָדן
און פון אויוון פליִען פלאָדן,
מאַקאַראָנדלעך האָניק זיס,
שטרודל'ען אָנגעפילט מיט ניס

ראָזשינקעס און מאַנדלען, פרוכטן;
און עס טאַנצן אינדערלופטן
— פון די ראָשטשינעס געראָטן
אויפגעגאַנגען — אויסגעקנאָטן,
קוילעטשן מיט פלעכטנצעפ.

און עס הייבן זיך אויף טרעפ
אין די גלאַנציק־שטייפע ראָקן,
שימחה־טאָרטן, שטאָק אויף שטאָקן
אויסגעקלאַפט פון גאַנצע שאָקן
פרישע אייער און זיי לאָקן
ציִען־צו, מיט אַלדאָס גוטס;
מיט קאָנפיטן אויסגעפוצט,

אויפן ווייסן זיסן קרעב,
און עס ליגן נאָך צו דעם
צוקערלעך צום נאַשן גרייט...

---

און דער זייער זייט און זייט
און דער העקער האַקט און האַקט
און דער בעקער באַקט און באַקט
נאָר די מעשה איז ניט גלאַט:
— קיינער, ווערט ניט קיינמאָל זאַט...

באַקט דער בעקער, ווערט ער עלטער,
ווערט דער אויוון קילער, קעלטער —
קומען אונטער זיינע זין
נעמען וואַרפן האָלץ אַהין
שפּריצן פונקען בלוי און גרין:
ס'איז אַ נייַער פייַער־מין!...

נאָר די מענטשן ווערן מערער
און דאָס באַקן שווערער, שווערער
ווערט אַ יאָמער אויף דער וועלט:
— גוואַלד! עס פעלט און פעלט און פעלט!!!

הערט מען ליאַרעמס און געשרייען:
— מערער אַקערן! מערער זייען!
און פאַרגיכערן דאָס שנייַדן!
זאָל אַ סוף זיין צו די ליידן!
ווייל מ'מוז דעם הונגער שטילן!!!

און עס נעמען מאָלן מילן
מיט אַזעלכע גרויסע שטיינער
— ריזן־רעדער, יעדער איינער;
אַלע קערנדלעך פאַרשלינגען
און אויף פעלדער זאַנגען זינגען
און זיי וואַקסן ווי אויף הייוון
פאַרן נייעם שלינגער־אויוון.

ווי עס הייבן אָן צעשפּינעז
און דער שוואַרצער ערד באַגרינעז —
תבואה־שפּראָצן, מיילן, מיילן,
אַזוי נעמען זיי זיך איילן:
— לאָמיר אַלע זיך באַמִיעז!
גיכער וואַקסן! גיכער בלִיען!
לאָמיר פרִיער צייטיק ווערן!

לאָמיר, לאָמיר זיך פאַרמערן!
שוין! עס קאָסטן נישט אַפילו —
מער קיין סערפּן, ניין! חלילה!
— ס׳האָט אַצינד שוין נישט קיין זינען! —
ס׳אַרבעטן שוין כל המינים:
שנייד־מאַשינען, דרעש־מאַשינען,
מאָל־מאַשינען, קנעט־מאַשינען
צייט און כח צו פאַרשפּאָרן.

און עס הודזשען די מאָטאָרן
און זיי הילכן, גרילצן, רוישן —
העכער, ברייטער ווערן קוישן,
פאַר די אַלע סאָרטן ברויטן
אָנצולייגן שטייען גרייטע.

קאָכן קעסלען שאָקאָלאַדן,
זידן פאַנען מאַרמעלאַדן
צו באַטעמען און באַשמירן
צו באַצירן מיט קאָלירן
די געבעקסן, נאַשערייען,
אַז — פאַר אַלעמען זאָל סטייַען!...

און אין אויוון, ברענט ניט סתם,
ס׳איז דער נייער פייער־פלאַם
ציכטיק, ליכטיק בלוי דער הויך,
ניט קיין סאַזשע, ניט קיין רויך

ניט קיין האָלץ, נאָר ס'איז פּעטראָיל
ברענט עס אַזוי גוט און וווֹיל!

איז די אַרבעט ריין און שיין,
ס'טוט זיך שוין כמעט אַליין.
בלויז אַ שרויף, אַ ריר, אַ דריי
און עס שמעקט געשמאַק אַזוי
אין דער נייער בעקעריי
אָ־וואַ! און איי־איי־איי! איי־איי־איי! ...

— — — — — — — — — — — — —

ס'איז אַריין אַ מזל־ברכה.
וואָס מ'טוט איז מיט הצלחה;
ס'וואַקסן, ווערן פאַר די אויגן
שיסלען, בעקנס פול מיט טייג און
באַלד גישטאָ שוין ווו צו לייגן;
טישן אונטער זיי זיך בייגן —
ברענגט מען קאַסטנס אָנצופילן
אַז עס ברעכן זיך די דילן
און נישטאָ שוין ווו צו שטעלן.

קומען, האָקוס־פּאָקוס, שנעלע
בוימייסטערס מיט בוי־מאַשינען
פון די לעצטע מאָדע־מינים
און מיט מחנות הענט זיי קומען.
ווערן דאַך און ווענט צענומען
ווי אַ קינדער־גאָרטן שפּיל;

אַ געקנאַל און אַ געבריל
ס'פאַלן ציגל אַזויפיל!
און ווו ס'איז געווען דער דיל
ווערט אַ גרוב — ווי טיף און הויל!
אַז סע כאַפּט אַזש אָן אַ גרויל —
הייבט מען אָן דעם פונדאַמענט
פון די נייע וונדער־ווענט.

האַמערס, האַקן, קירקעס קלאַפּן
פּעסטע יונגע מענטשן כאַפּן
ציגל ווי די פּילקעס גרינג,
און זיי וואַרפן אַזוי פלינק
אין אַ צווייטנס הענט אַריין
ווי דאָס וואָלט אַ שפּילכל זיין...

ס'בראַזגעט אַז מ'ווערט שיער טויב —
און עס קנעט זיך ציגלשטויב
אין אַ פּלייסיקער מאַשין.
ס'קערן איבער זיך אַהין:
גרויסע עמערס פול מיט וואַסער
און עס קייקלען זיך די פאַסן
האַסטיקער פון זיך אַליין:

גיסט זיך פּאַרטיק צעמענט־ליים.
— ווי די בוי־מאַשינען בויען!
יעדעס שרייפל ווייסט גענוי און
יעדעס רעדל ווי זיך דרייען
און לעם זיי די מענטשן שטייען:
דאָ אַ דריי און דאָ אַ דריק
ס'אַרבעט זיך גאָר אַן אַנטיק!

ס'וואַקסן פאַר די אויגן ווענט;
ווען, האָט מען אַזוינס געקענט?
ווערט דער שטאָלענער סקעלעט
אויסגעפּילט און אויסגעגלעט
מיט אַ מירמלשטיין געמיש,
גלאַט און גלאַנציק ווי אַ טיש.

הייבט דער בנין זיך אַלץ העכער,
שטייגט אַריבער אַלע דעכער,
ס'וועט אַוודאי אויבן קאָנען
צוזעצן זיך די לבנה

וועט צעשיינען זיך איר פּנים:
— ס׳איז אַ בנין פון בנינים!...

טרעפּ זיך טרעפּלען און די ווינדעס
ווי טייוואָלים! נאָך געשווינדער!
אויף! אַרויף! אַראָפּ! אַרויף!
און זיי הערן גאָרנישט אויף
אין דער בעקעריי צו פליִען!

און עס ציִען זיך און ציִען!
אויף די וועגן — פורן פאָרן,
ניט קיין פערדלעך, נאָר מאָטאָרן,
אויסגעשמידט פון שטאָל און אייזן
ס׳אַראַ וואונדער זיי באַווייזן!
כ׳האָב אַ גבורה! שלעפּן קאָם עס
משאה־אויטאָס, ס׳הייסט „קאַמיאָנעס"
אָנגעפּאַקטע איבער שטחים;

ווער דאַרף מיט אַ בייטשל פּאָכען?
„וויאָ! וויאָ!" טרייבן, סווישטשען, קנאַלן —
מיט איין דריק אויף די פּעדאַלן
און דעם רודער האַלטן זיכער
פליט עס גיכער פון אַ וויכער.

גרויסע זענען זיי ווי שטיבער
אין זיי פירט מען דאָס אַריבער
זעק מיט תבואות אָן אַ צאָל
פון די פעלדער ווי אַמאָל
ווי פון אָנהייב פון דער מעשה.

ס׳פירן ברוינע, שוואַרצע, ווייסע,
ס׳פירן קלוגע, ווי די נאַרן
— אַלע שפּײַערן צעשפּאַרן
אַלע טויערן און טירן —
אַלע מענטשן פירן־פירן, —

און זיי אײַלן זיך און יאָגן
אויף די פּלייצעס שלעפּן, טראָגן,
הורבען הורבעס, זעק אויף זעק
— פול מיט קערנער ביזן ברעג.
זעק אויף זעק, זעק אויף זעק
זעק אויף זעק —
ס'איז אַ מעשה אָן אַן עק!...

— — — — — — — — — — — — — —

און דער בעקער — אין זיין קול,
אַלע בעקערס מיטאַמאָל —
הייבט שוין אָן מיט רוגזה ריידן:
— דאָס איז גאָרנישט צום באַשיידן!
דאָס געבעקס איז טעם גן־עדן
און, מ'זעט גאָרנישט קיין פרייידן
אויף די פּנימער בײַ זיי?
ס'איז צום לאַכן און ס'טוט וויי.
זינגט ביים אויוון דאָ איך שטיי
הער איך בלויז נאָר איין געשריי;
פון די אַלטע, פון די יונגע:
— הונגער! הונגער! הונגער! הונגער!!!

ווי מען נעמט פון זעקלעך שיטן
וואַקסן אוים די אַפּעטיטן,
ווי די פּאָמפּעס פּאָמפּען באַקן
און די ציינער נעמען קנאַקן:
— באַק אונדז מערער! באַק אונדז בעסער
און —
דער הונגער ווערט נאָך גרעסער!...

שטוינט דער בעקער, הייבט די פּלייצע:
— גוואַלד, ווי גיב איך זיך אַן עצה?
כ'קען דעם הונגער מער נישט שטילן!
כ'ווייס שוין גאָרנישט וואָס זיי ווילן?

— צי אין שלינגעניש זיי שפּילן?
אַז זיי קענען מער ניט פילן
נישט דערשפּירן, נישט דערוויסן:
ווי געשמאַק איז יעדער ביסן!
אַ מחיה! אַלע טעמים!...

— — — — — — — — — — — — —

בייטן צייטן זיך און זמנים.
האַקן אייניקלעך פון העקער,
באַקן אייניקלעך פון בעקער,
ניט קיין בעקערס, אַלע ווייסן
אַז קאָנדיטאָרס הייסט, זיי הייסן,
נישט אין פאַרטעכער נאָר בלויז און
אין די לאַנגע ווייסע הויזן
און אין רעקלעך, היטלען ווייסע
ווי עס פּאַסט איצט, פאַר דער מעשה...

בעקער־יונגען, רייען, רייען
אַרום מירמל־טישן שטייען
און זיי פּעטשלען יינגער, גרינגער
אינעם טייג מיט פוכקע פינגער

און זיי פערטלען און זיי אַכטלען
שניידן, צו דער מאָס, פון שאַכטלען
ווו ס'געבעקס וועט ליגן שפּעטער,
אויסגעפּוצט מיט זילבער־בלעטער
אין שויפענצטער, ווי געמעלן;
עס זאָל אַלעמען געפעלן...

און זיי האַלטן אין איין קלערן:
— לאָמיר דאָס געבעקס פאַרמערן!
לאָמיר עפּעס נאָך באַנייען,
אַז מען זאָל נישט דאַרפן קײַען,
זיין דערמיט אַזוי פאַרנומען;

עס זאָל תּיכּף אויפֿן גומען
ביי דעם ערשטן בים צעגיין:
שלינגען — זאָל זיך אויך אַליין!...

לאָמיר פּרוּוון אויסגעפינען
נאָך, נאָך נייַערע מאַשינען
אַז פּאַר אַלעמען זאָל קלעקן!
נאָר מ׳האַלט די הענט אין שטרעקן
און פון אַלע, אַלע עקן —
הונגעריק — צום בעקערס בעקן.

נאָך און נאָך! אַלץ מען פאַרלאַנגט
ניט מען הערט אַמאָל: „אַ דאַנק!"
קיינער זאָגט נישט: „ס׳איז געשמאַק!"
נאָר: באַק! און באַק און באַ־אַ־ק!!!

# דער פּאַלאַץ פון קרישטאָל

— נו, זיידעלע, האַרציקער, הייב אָן געשווינד!
בעטן זיך, מאָנען די אייניקלעך ביי אים,
מיר ווילן דאָס הערן, הייב אָן פון „אַמאָל"...
דערציייל אונדז די מעשה פונעם פּאַלאַץ פון קרישטאָל!

עס שמייכלט דער זיידע, די אויגן פאַרמאַכט,
די אייניקלעך זעען אויף אים אַז ער טראַכט
עס וויל זיך דערמאָנען אַלצדינג, וואָס און ווען —
ביז ער וועט דאָ ווידער דעם פּאַלאַץ דערזען...

דער זיידע איז זיכער איצט, ערגעץ ווייט־ווייט,
די אייניקלעך ווייסן שוין וואָס עס באַדייט
זיין הייב פון די ברעמען, פון פּנים אַ צוק, —
איז זיצן זיי שטיל־שטיל, מ'וואַרט און מ'קוקט.

און אָט הייבן אָן פליסן רייד, מיטאַמאָל
ווי פון אַ פאַנטאַזן, פריש און קלאָר, זיידנס קול:
— „איך וועל אייך דערציילן, אַזוי ווי איך קאָן —
די מעשה פון מעשיות, אַזוי הייבט זיך אָן:

געווען איז אַ פּאַלאַץ — ער שטייט נאָך ביז איצט
ווי אַמאָל גאָר אַמאָל — אויפן העכסטן באַרג־שפּיץ...

אַ קינד איז געבוירן, אַ יינגעלע אַ קליינס,
האָט זיך דאָס פּיצל אין וויגל צעוויינט:
— אוי־אוי! כ'וויל ניט ליגן! אוי־אוי! איך אַליין, —
וויל אויף מיינע אייגענע פיסעלעך גיין!...

אוי־אוי! אוי־אוי! און פלינק און שנעל
באַלד אויף ביידע פיסלעך געטאָן זיך אַ שטעל
ער איז פונעם בעטל אַליין שוין אַרויס
און געפּאַטשט מיט די הענטלעך:
— איך בין שוין גרויס! איך בין גרויס!

דאָס קינד האָט געשפּרונגען, געטאַנצט און וואָס ניט?
אַלץ פעסטער עס ווערן די יונגיטשקע טריט,
— כי־כי־כי! כי־כי־כי! — ער טוט זיך אַ לאַך:
— אַרויף אויפן בערגעלע? אויך מיר אַ זאַך!...

ער שפּרינגט און ער קלעטערט: איך וועל באַלד, איך וועל!
צעגלאַנצן זיך יינגעלעס אייגעלעך העל
איך וועל באַלד, איך וועל! אַרויף אויפן באַרג!
קוקט אָן מיינע פיס און הענט! זעט נאָר ווי שטאַרק!

און איבער אַ פעלדז טוט אַ פלייסיקן שפּרונג;
ער איז שוין אַ יינגל — אַן אמתער יונג!
די מוסקלען אַזוי ווי פון שטאָל — מיטאַמאָל
דערזעט אויפן באַרג ער: דעם פּאַלאַץ פון קרישטאָל...

— איך וועל! יאָ איך וועל באַלד דערלאַנגען אַהין!
עס פרייט זיך דער יונג — אַ בעל־גבורה איך בין
פאַר מיר איז שוין מער איצט קיין „ניין" נישט פאַראַן;
איך בין שוין פּוליעריק! בין אַ יונגערמאַן!

עס שפּראָצט דאָך שוין אויף מיינע באַקן אַ באָרד!
— כאַ־כאַ! ס'אַ געלעכטער, דערלאַנגען אָט דאָרט!...
אַ שפּרייז טוט דער יונגערמאַן האָפּערדיק גרינג,
אַלץ העכער ער שטייגט באַרג־אַרויף און ער זינגט...

ס'אַ זוניקע זיילן! ס'אַ בלענדיקע ווענט!
איך וועל זיי באַלד אָנרירן מיט מיינע הענט!
און אויף די פּאַסאַדן שפּאַצירט שוין זיין בליק
וואָס העכער ער הייבט זיך, אַלץ מער זיך אַנטציקט:

עס הייבט אים אַרויף אַ פאַרחוילץ מאַגנעט,
אַז עס גייט זיך אַליין גאָר און אָט־אָ דערזעט:
— די זון מיט אַלע שטראַלן! — זיי וווינען דאָך איצט
אין קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, — אויפן באַרג־שפּיץ.

— און האַסטיקער נאָך ער פאַרשנעלערט זיין טראָט
— אָט איז שוין דער אָפענער טויער! אָט, אָט!
און פלייסיקער, פלינקער זיין בריהשאַפט ווייזט.
נאָר, וואָס קומט דאָ פאָר? אוי־אוי! דאַכט זיך עס שפּרייזט
אַצינד אויך דער פּאַלאַץ? אויף צוריקוועגס זיך רוקט?...
ער היפּערט אַריבער אַ פעלדז און ער קוקט:
— זאָל זיין אַז סע רייצט זיך מיט אים אַזאַ שד?
אָ, ניין! ס'קאָן נישט זיין! ניין, ער מוז! און ער וועט
דערגרייכן צום פּאַלאַץ! אַריין וועט אַהין
אויף פּליושענע סטעזשקעס, פון בלומען און גרינס,
אַוועקזעצן זיך אויף דער גילדענער שטול
און אָן אַ שיעור זאָלן וועלן זיין אַזוי פול
מיט אַלץ וואָס אים גלוסט זיך, וואָס ס'פעלט אים נאָר איין,
און איבער אַלע אוצרות, דערהאַר וועט ער זיין,

עס שמייכלען די טרעפּ שוין — זיי לאַדן אים איין:
— הייב אויף דיינע טריט, נו, נו, קום שוין אַריין!...
און פּלוצים — אַ קלאַפּ אין די פיס ער דערשפּירט,
ער בלייבט שטיין פאַרחידושט: וואָס האָט דאָ פּאַסירט?

וואָס? — שפּרייזן ווי פריער, איך קאָן שוין ניט מער?!...
מיט שטיינער דער וועג גאָר, ווי זאַמדיק און שווער!
און נאַס ווערט זיין פּנים פון ריטשקעלעך שוויים
— אוף! ס'איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אַזוי היים!

נאָר היים איז מיר? ניין! ניין! ס'איז קיל אויך און באַלד
ער ציטערט אויף מיט אַלע אברים: — בררר! קאַלט!
אַלץ מידער און לאַנגזאַמער ווערט יעדער שפּאַן.
און מיטאַמאָל הערט ער אַ רוף: מיטלמאַן!!!

די לבנה, פון וואָלקנס, זי שטעקט אַרויס איר קאָפּ:
— מיטלמאַן, היט זיך, ניט גליטש זיך אַראָפּ!...
ער בלייבט פּלוצים שטיין ווי פאַרבליפט און פאַרשטומט,
ער קוקט מיט פאַרדאַכט, קוקט אַרום און אַרום:

„האַ?" מיטלמאַן!? ? ווער? מיינט זי עס דאָ?
ס'איז דאָך איצט אַרום מיר — מער קיינער נישטאָ
ווער גידערט אַראָפּ? איך?! איך נידער שוין איצט?
בין איך שוין געווען אין פּאַלאַץ אויפן שפּיץ?

געווען און איך האָב גאָר זיין פּראַכט נישט געזען?
אָבער ווען? ווען איז עס דען מיט מיר געשען?
זאָל זיין, אַ כ'בין אים גאָר אינגאַנצן פאַרביי?...
און עס טראַכט מיטלמאַן אָנצוהייבן אויפסניי.

אויפסניי! פונדאָסניי! אָט איך זאָמל נאָר צונויף
צוריק מיינע כוחות און כ'קלעטער אַרויף!...

— — — — — — — — — — — — —

די לבנה, מיט מיטלייד איז פול איר געזיכט
זי פלעכט איבער גריבער אַ בריק פון איר ליכט,
די הענט אירע טריפן אויס טריישאַפט און טרייסט
זי גלעט און רעדט פאַרזיכטיק ווייך און נישט דרייסט:

— „דו האָסט אפשר דעמאָלט איין רגע זיך פאַרקוקט
און ס'האָט זיך דער פּאַלאַץ, דערווייל אָפּגערוקט?...
נאָר — דער מיטלמאַן הערט ניט — אַלץ ווייטער ער שפּאַנט,
עס טרייבט און עס יאָגט אים דער האַסט נאָכאַנאַנד

— איך מוז און איך וועל נאָך צום פּאַלאַץ דערגיין!
נאָר אינמיטן אימפּעט אַלץ אָפטער בלייבט שטיין
ער שטאַרקט זיך אַליין — „איין ווייליטשקע נאָר" —
צו אַלדי גוט יאָר! אָבער וואָס קומט דאָ פאָר?
ס'ווערט שמעלער דער וועג — אוי! איך בלאָנדזשע געווים?
עס וואַקסן די שטיינער — זיי האַקן אין די פיס!

און די שטיפּערס, די שטערן, מיט די אויגן מ'בליצט:
— „אַלטערמאַן! היט זיך! וואָס איַילסטו זיך איצט?

און אַלטערמאַנס אויגן פון כעס צינדן זיך:
— די לאָבוזעס אויבן! וועמען מיינען זיי? מיך?
ס'אַ חוצפה דאָס איז, מיך צו רופן אַזוי!
ער גייט און קרעכצט אונטער אוי־אוי! און אוי־אוי!
— איך וועל זיי נאָך ווייזן, ווי פעסט ס'איז מיין שפּאַן!
און — עס וואַקלט זיך הין־והער, אַן אַלטיטשקער מאַן,
קוים־קוים וואָס ער האַלט אויף זיין גרייז־גרויען קאָפּ —
ער שלייכט זיך און שאַרט זיך אַראָפּ באַרג אַראָפּ...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אָ, זיידעלע, זאָג — און דער פּאַלאַץ פון קרישטאָל?
שפּרינגען אויף אַלינקע איינעיקלעך מיטאַמאָל.
און עס זיפצט אַרויס דער זיידע מיט אַ הייזעריק קול:
— אָ, דער פּאַלאַץ פון קרישטאָל, — ער שטייט נאָך ווי אַמאָל
אויף דעם זעלבן באַרג, אויף דעם זעלביקן שפּיץ:
צו אייך, מיינע איינעיקלעך, פינקלט ער איצט!...

# אונדזער באַן

ביימער, הייזער אויף די וועגן
פרייען זיך דער באַן אַנטקעגן;
ווילן פון מרחקים הערן,
נײַסן, נײַסן זיי באַגערן,

ווילן וויסן וואָס עס שפּינט זיך,
ווי עס בליט זיך,
ווי עס גרינט זיך
אין געדיכטע אַלטע וועלדער,
אויף די יונג-פּאַרזייטע פעלדער,
צווישן זאַנגענדיקער תבואה,
ווו עס כוואַליען טייכן בלויע,
ווי זיי מורמלען, וואָס זיי טראַכטן;
אָ, די באַן ווייסט אַלע זאַכן!

ווער עס קוקט אָן שטחים גרויסע
ווערט אַליין אַן „אַלצדינג ווייסער",
ער וועט אונדז שוין אַלץ דערציילן,
און די נײַס-מתנות טיילן
פון זיין יעדן ווייטן שפּאַן
ר'איז דאָך אונדזער-אונדזער באַן!!!

אַז זיי קענען זיך ניט רירן —
ערגעץ ווו זיך דורכשפּאַצירן
ווו אַ לויף טאָן, זיך צעשטיפן.
איינגעוואָרצלט אין די טיפן,

מ׳יט די שטאַמען, פונדאַמענטן,
זעט מען צווייגן, הויכע ווענט, און
ווי זיי רייסן זיך אַ שפּאַן טאָן...
צוגעשמידט ווי אַרעסטאַנטן,
שטענדיק אויפן זעלבן אָרט און
וואָס עס טוט זיך דאָרטן... דאָרטן,
וווּ ס׳דערלאַנגען ניט די אויגן
וווּ די באַן איז דורכגעפלויגן
ווילן וויסן, ווילן וויסן
ה׳ילן ניט זיין אָפּגעריסן.

און אַזוי־אָ ווי זיי שטייען,
נעמען זיך פּאַר שמחה דרייען,
פּאָכען מיט דער גוטער בשורה,
ביימער, הייזער, שורות, שורות,
אויף די וועגן, ביי די ברעגן
לויפן אָן דער באַן אַנטקעגן,
ברייט די מיילער זיי צעפּראַלן
מיט אַ גדולה אַלע שאַלן:
— אונדזער באַן, אונדזער באַן, אונדזער באַן!!!
און די באַן לויפט און ברומט:
— הערט נאָר, זעט נאָר ווער עס קומט:
טרו־או! טרו־או! או־ו!!!!
קלאַפּט די באַן און טאַקעט־צו:

טאַקע־טאַקע אַ רחמנות,
טאַקע, טאַקע! — נאָר ווער קאָן עס?
טאַקע־טאַק, ניטאָ־קאַ־צייט,
טאָ־קאַ־צייט! טאָ־קאַ־צייט! ציי־ייט!!!

הייזער־שמייזער, ביימער גרינע
טאַק־טאַק־טאַק־טאַ! כ׳האָב אינזינען.
איך בין דאַך פון שטאָל און אייזן
דורכצולויפן כ׳דאַרף באַווייזן

וועגן-ווייט, וועגן-ווייט,
וועגן-ווײַ-אײַט, ווײַ-אײַט!

בלייבט שטיין אַלע אָן אַ זייט!
וואָרנט בייז די באַן און שרייט:
— טרו-או! דעם באַריער אַראָפּ!
פּוף-פּאַף!!! איך שטעל זיך דאָ ניט אָפּ!

זאָלן סטאַנציעלעך געדענקען:
ניט איך קען מיין צייט זיי שענקען
כ׳אייל זיך צו דער וועלט דער גרויסער,
כ׳יאָג פאָרויס, פאָרויס, פאָרויסער!
מאַכט אַ וואַרע, וואַרע, וואַרע!
בלאָזט און לאָזט אַרויס אַ פּאַרע!
— דאָס בין איך, דאָס בין איך!
דאָס בין אי-איך! אי-איך!!!
און די אָרעמס — שטאַבעס-קייטן
שטויסן איינער אינעם צווייטן:
— גיכער גיך, גיכער גיך, גיכער גיך,
גי-איך! גי-איך!
און מיטאַמאָל טוט ער אַ הילך
— טרו-או-או! אַזוי וויל איך!
רויך און קוילן-שטויב אַ שפּיי
מיט אַ פייפעריי פאַרביי...

— — — — — — — — — — — — — — —

שטייען הייזער, קוקן אָן אים,
גלאַנצן, גלאָצן ווי גולמים...
ביימער מיט פאַרגרינטן פּנים
טרייסלען זיך פאַר כעס: מען קאָן אים!
פשסס! אַ גדלן!, אַ מיוחס,
יאָגט זיך, טראָגט זיך ווי מיט רוחות,
אויף די רעלסן גלאַטע וועגן

אויסגעלייגט פּאַר זיינעטוועגן.
אַזאַ גליטשער, אַ פּאָרויסער
פּשסס! אַ בריה אַזאַ גרויסער!...

— — — — — — — — — — — — — —

פּלוצים הערט מען ווידער ברומען,
— אָ, אַ באַן! אַ באַן דאַרף קומען!
און אַזוי אָ ווי זיי שטייען
נעמען פרייען זיך און דרייען
ביימער, הייזער אויף די וועגן
און זיי לויפן אָן אַנטקעגן:
מיט אַ שמחה — טאַ-ראַ-ראַם:
אונדזער באַן, אונדזער באַן, אונדזער באַן!!!

# פייגעלין

פייגעלין איז געבוירן אויפן שפּיץ פון אַ דאַך.
אויפן הויף זענען דאָ ביימער מיט נעסטן אַ סך
און פייגעלעך פליִען אַרום העד און הין
און אַלינקע שפּילן זיך מיט פייגעלין.

מ׳לערנט אים ווי אַ קליין פייגעלע שפּרינגט
און ווי אַזוי אויף אַ קול הויך מ׳זינגט,
ווי מ׳שפּרייט אויס די פליגעלעך ברייט אַ צעצי
אַ פּאַכע, אַ הייב זיך אויף — און אַ פלי!...
פריִער איבערן דאַך, און שפּעטער מיט אַ צייט
וועט ער שוין מעגן אויך פליִען ווייט, ווייט...

און אַז זיין גוטינקער טאַטע פייגעלאָן
האָט איינמאָל געהאַט, גאָר אַ סך וואָס צו טאָן:
ברענגען שטרוי און וואַסער און אויסקנעטן ליים —
מ׳דאַרף דאָך אַצינד שוין פאַרגרעסערן די היים
אַז נאָך אַ צימערל זאָל צוקומען אַהין.
אָט טאַקע פאַרן פיצל שטיפערל פייגעלין

האָט פייגעלאָן געזאָגט צו דער מאַמע פייגעלוי:
— ציף־ציף און ציף־ציף! די מעשה איז אַזוי:
אונדזער פייגעלין איז טשיקאַווע — אַ שרעק!
דו לאָז אים פון זיך אויף אַ רגע נישט אַוועק.
געדענק עס, גיב אַכטונג אויף אים, פייגעלוי!...
און די מאַמע זיפצט אָפּ: ציף־ציף, אוי־אוי־אוי!
וואָס טו איך מיט אים: איך ווייס עס גאַנץ גוט,
ער רוט דאָך נישט איין אַפילו איין מינוט?!...

און פייגעלין, שפרינגט אַרום נאָכאַנאַנד.
און שטעלט זיך אויפן דאַך, ביים סאַמע ראַנד.
און ער בייגט זיך און פרעגט: ציף־ציף, וואָס איז דאָס?
— דאָרטן אונטן ביי דער ערד, ציף־ציף, דאָס איז גראָז,
ענטפערט די מאַמע און זי ציט אים צוריק.

— און ווי הייסט אָ דאָס אָ, וואָס וויגט זיך און וויגט?
— אוי פייגעלין ליבינקער, דאָס איז אַ בוים,
אוי פאָרזיכטיק, זע ווי דו האַלסט זיך דאָך קוים!
ציטערט און פלאַטערט די מאַמע אַרום
— קום שוין אין נעסט אַריין, פייגעלין, קום!

נאָר פייגעלין וואונדערט זיך: אונטן ער שטייט?
און פעדערן גרויסע, אַזוי הויך ער צעשפּרייט?...
— קיין פעדערן זענען דאָס נישט, פייגעלין,
דאָס זענען דאָך צווייגן מיט בלעטעלעך גרין...

— צווייגן? אַזויפיל? צו וואָס דאַרף ער זיי?
ציף־ציף־ציף צום פליִען? — נישט גענוג פליגל צוויי?
— מיין קינד נישט צום פליִען, אַ בוים פליט נישט, ניין!
צווישן זיינע צווייגן בויען פייגעלעך אַ היים.

אַהין קוק אַריבער אין דער הויך דאָרט, דו זעסט?
אַ קיילעכדיק שטיבעלע? דאָס איז אַ נעסט...
צווישן די געדיכטע שטענגעלעך פאַרשטעקט —

און פייגעלין צוויטשערט, ער פרעגט אַלץ און פרעגט
— ציף־ציף! וואָס איז דאָס?! ציף־ציף און צו וואָס?...
ביז מיד ווערט די מאַמע און טוט אַ צעלאָז
די מאַמישע פליגל! — גענוג זאָל שוין זיין!
קום, פייגעלין גיכער אין נעסטל אַריין!...

— — — — — — — — — — — — — — — —

און איינמאָל — געווען איז עס אַן אינדערפרי —
— ציף־ציף־ציף! זע מאַמעלע, זע ווי איך פלי!
טוט פייגעלין האַסטיק אַ פלאַטער אַרויס

פון נעסט אויפן דאַך — זע, איך בין שוין גרויס!
און ער פליט זיך אַרום אומעטום, פראַנק און פריי —
— מיין קינד, רופט די מאַמע אים — פאַרזיכטיק זיי!
— ציף־ציף, האָב קיין מורא נישט, מאַמעלע, נייןּ,
זיי רויק, ווי היטן זיך, כ׳ווייס שוין אַליין —

און פייגעלין קוקט, אַלץ אַרום ער באַטראַכט,
און פלוצים דערזעט ער ווי פון זייער דאַך
עס הייבט זיך אַ שמאָלינקער טורעמל אויף,
פליט צו פייגעלין און ער שטעלט זיך אַרויף
אויפן סאַמע ברעג, און ער קוקט טיף אַריין:
—ציף־ציף־ציף! ווי טיף! וואָס זאָל דאָרטן זיין?
— ציף! אפשר אַ ברונעם, וואָס די מאַמע האָט אים
דערציילט ווי ס׳פאַלן אַריין פייגעלעך אַהין?
ציף־ציף־ציף! ווי טיף! ציף־ציף־ציף! ס׳אַ שרעק!
ער שטייט זיך ביים ברעג און ער פליט נישט אַוועק —

און פלוצים, די לאַפּקעלעך פון אָרט זיך אַ ריר
אַ גליטש זיך אוים — ציף־ציף־ציף! ראַטעוועט מיר!!!
ציף; מאַ־מע־לע מיינע! ציף־ציף! און ציף־ציף!
און עס פאַלט אַריין פייגעלין — פאַלט אַזוי טיף —
דורך דעם טורעמל אַזוי ווי אין אַ גרוב,
דורכן קוימען פון דאַך — ער פאַלט אַריין אין שטוב...

— — — — — — — — — — — — — — — —

וויי־וויי! ווי די מאַמעלע זיינע פליט אום —
און איבער דעם קוימען זי פלאַטערט אַרום
— ציף־ציף! זי זוכט אים און קוקט אַריין אַהין,
מיין קינד! ווו ביסטו מיין פייגעלין?!

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי ווי אין אַ תפיסה, אַהער און אַהין
צווישן הויכע ווענט, פליט אַרום פייגעלין
און אַלע ווײַלע — אָן אַ וואַנט קלאַפּט זיך אָן!
— ווי פליט מען אַרויס? ציף! וואָס זאָל איך טאָן?

ער פּאָכעט און פּלאַטערט אַרום און ער טראַכט:
— די טיר און דאָס פענצטער דאָ זענען פאַרמאַכט
און ווידער ער פּרווט, פונדאָסניי זיך טאָן אַ הייב
און מיטן שנאָביקל, פּיק־פּיק אין אַ שויב
נאָר וואָס קומט אַרויס? ער פּיסטשעט און באַלד
אָן כוחות שוין — אויפן פּאָל אַראָפּ ער פאַלט,
מיט אַראָפּגעלאָזטע פליגעלעך בלייבט ער שטיין
איינגעקאָרטשעט אין אַ ווינקעלע ציטערט און וויינט:
ציף־ציף — ציף־ציף —

---

און אָט האָט דערזען אים קליין בערטשיקל, ווייז!
אָט ציט ער שוין אויס, קליינע כאַפּערלעך צוויי
—אַ פייגעלע! מאַ־מע! ער שרייט אויס פאַר פרייד
ער לויפט צו פייגעלינען, די הענטלעך צעשפּרייט —

— קוים כאַפּט ער מיך אין זיינע פויסטלעך אַריין
ציף! ציף! ציף־ציף! — מיין סוף וועט דאָס זיין!
און אַ שפּרונג טוט פייגעלין אויפן אָנלען פון שטול —

---

און אַ גליק, וואָס ס'איז פּונקט אָנגעלאָפן פון שול
יאָסעלע — ער איז דאָך שוין ניין יאָר אַלט —
און ער האָט דאָס פענצטער אויף גיך אויפגעפּראַלט
און זיין קליין ברודערל געוואָרנט דערביי:
— אַ פייגעלע מוז אַרומפליִען אויף דער פריי!...
— ציף־ציף! ציף־ציף! האָט געטון זיך אַ צי
דאָס פייגעלע און — דורכן פענצטער אַ פלי!

---

און ס'האָבן פייגעלין, פייגעלאָן און פייגעלוי
אַלע פייגל אין כאָר זיך צעזונגען אַזוי:
— ציף־ציף! ציף־ציף! גאָר דאָס שענסטע געזאַנג;
— אַ דאַנק דיר יאָסעלע!
ציף־ציף! אַ דאַנק! אַ דאַנק!...

# אַ נאָדלבוים

אַ נאָדלבוים האָט זיך באַוויזן אויף אַ פעלד, צווישן פּשוטע ביימער, און זיך פאַרגעשטעלט:

— איך בין נישט נאָך אַ בוים זיך, סתם, איר ווייסט פון וואַנען איך שטאַם?

האָט דער נאָדלבוים זיך געגרויסט פאַר די שכנים־ביימעלעך ארום:

— איר ווייסט פונוואַנען איך קום? פון נאָדלביימער־וואַלד!
צי ס'איז הייס, צי ס'איז קאַלט, סיי זומער, סיי ווינטער.
אונדזער מין איז תמיד גרין און אונדזער דופט —
פאַרשמעקט די גאַנצע לופט.

האָט דער נאָדלבוים אַ שטייפער אין דער הויך זיך געשטרעקט.

— וואָס זאָגט ער, וואָס? — האָבן די ביימלעך, איינע דאָס אַנדערע איבערגעפרעגט. מען הערט דאָך קוים וואָס ער רעדט. ס'אַ מאָדנער בוים, האָט מורא צו עפענען אַ ליפּ, ער זייט די ווערטער ווי דורך אַ זיפּ.

האָבן די ביימער זיך נענטער צו אים צוגערוקט און מיט די בלעטער־ברעמען געצוקט.

— קוקט אויף מיר, קוקט, וויפל נאָר איר ווילט אַליין, נאָר אָנרירן מיך, דאָס — ניין! — האָט דער נאָדלבוים זיינע נעגל־נאָדעלעך אָנגעשפּיצט. — נו, איר זעט מיך שוין איצט? באַוואונדערן מיך, דאָס איז רעכט, דערויף בין איך דאָ, אָבער נישט צו נאָנט, איך שטעך!...

— הער, נאָר, — האָט אַ ביימעלע, פונדערווייטנס, אַ פרעג טאָן אים געפּרוווט. — און ווי, ווי אַזוי זענען דיינע פּרוכט? אוי־

בעט שפּיציק, שאַרף? ווי זעען זיי אויס, די פּירות וואָס דו גיסט פון זיך אַרויס?

— פּירות? — האָט דער נאָדלבוים זיך געטאָן אַ פאַרקרים, און עס האָט פון צאָרן געציטערט זיין שטים:

— איך זאָל מיינע שיינע צווייגן מיט זיי באַשווערן? מיינע גלייכע גלידער זאָלן צעבויגן ווערן? נישט פאַר מיר עס פּאַסט, צו טראָגן אויף זיך פון פרוכט די לאַסט!...

***

איינמאָל, אין אַ באַגינען, צעעפנט דער נאָדלבוים זיינע צווייגן, די גרינע. דערזעט ער מיט חידוש, ווי דער קאָלאָניסט, באַשיט אַ שטיק ערד מיט פערדישן מיסט.

— פוי! פוי! איך מיאוס זיך אַזוי! צו קוקן אויף דעם! — ציט אויס דעם נאָדלבוים, זיין לאַנגן האַלדז און — קוקט אַהין אַלץ...

— פוי, זעט נאָר, זעט, מיט וואָס מען מאַכט דאָס פעלד דאָ פעט! און וואָס פאַרזייט ער דאָרט, דער קאָלאָניסט? אַ נישט מיט אַ נישט... דראָבנינקע, שוואַרצינקע, פינצטערע קערעלעך, כדאי זיך צו מיען צוליב אַזאַ מין זריעה? אַז אָך און וויי! וואָס קען שוין אויפגיין פון אַזאַ מין פאַרזיי? אַ ווילד געוויקס, מיאוס און קליין, אָט פּונקט ווי זיי, די קערנדלעך אַליין...

און ס'האָט דער נאָדלבוים געלאַכט אין זיך, געשטאַנען אויסגעצויגן, זיינע לאַנגע פינגער, ווי דינע גרינע ליכט, געהויבן העכער דעם קאָפּ, געקוקט אויף אַלץ אַרום פון אויבן אַראָפּ, געגאַפט און געקוואָלן פון זיך אַליין: — בין איך דאָס שיין!...

האָט אַ רעגן דאָס פעלד גלייך פון הימל אָנגעטרונקען.

— זיי זענען שוין זיכער איינגעזונקען, די שוואַרצינקע זוימיקלעך, אויף אייביק אין דער ערד, — האָט דער נאָדלבוים געטאָן אַ קלער, — פּיצינקע און קריכן אַזוי טיף... זיי זענען דאָס ווערט! רעכט אויף זיי רעכט!...

און גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט, איז דער נאָדלבוים מיט זיך אַזוי פאַרנומען געווען, אַז ער האָט אַפילו נישט געזען, ווי אַלע ביימעלעך אַרום האָבן שוין געבליט און ווי יעדע איינע, אירע פּירה־לעך די קליינע, באַוועט און היט, הייבט זיי אַרויס אַנטקעגן דער

זון, זיי זאָלן שטאַרקער און גיכער וואַקסן דערפון, און מיט די צווייַ־געלעך זיי רירן זיך קוים, עס זאָל נישט אַ „פּיצעלע" אַראָפּפאַלן פון בוים, און טאָמער ס'לויפט אָן אַמאָל אַ בייזער ווינט, הייבן זיי אויף אַלע בלעטער געשווינד, דעקן איין געדיכט ווי מיט אַ דעק, און זיי טרייסלען זיך פאַר שרעק:

— אוי, דער ווינט זאָל זיי נאָר נישט דערזען, קיין שום בייז זאָל זיי נישט געשען!...

אַזוי האָבן די ביימעלעך געטריי געוואַכט איבער זייער קליינ־וואַרג, בייטאָג און ביינאַכט, ביז ס'איז געקומען דער זומער.

***

מיטאַמאָל האָט דער נאָדלבוים אויפגעריסן די אויגן.

— זע נאָר, איך וואָלט עס גאָר קיינמאָל נישט גלויבן, אַזעלכע נידעריקע ביימעלעך און אַזוי געראָטן. די צווייגעלעך פול מיט פּירות, אָפּגעשאָטן. אר־אר־אום! זיי שמעקן דאָך טאַקע, איי מוזן זיי דאָס זיין זאַפטיק געשמאַקע!

און באַלד האָט דער נאָדלבוים גענומען פינטלען מיט זיינע גרינע לאַנגע וויִעס:

— איז עס מעגלעך, האַ? צי ס'דאַכט זיך מיר אויס בלויז; עס שפּראָצט דאָך שוין אויך אויפן פעלד אַרויס, אויף דער שוואַרצער ערד אַ גרינער פוך? אַזוי געדיכט, דורך און דורך. אינטערעסאַנט! ביז היינט געווען פאַר מיר גאָר אומבאַקאַנט. אַהאַ! ווי זיי הייבן זיך און וואַקסן עס גרעסער, בעסער, העכער, שלאַנקער. אַך! ס'אַראַ שיינע רונדע שטאַנגען! — איז זיך דער נאָדלבוים אין באַוווּנדערונג פאַרגאַנגען. — און אָט וואַקסן זיי אָן קעפּעלעך, ווי טעלערלעך, אָן אַ שיעור, אָן אַ שיעור!

— ס'אַראַ ווונדערבלי! מיין גאָט! — און דער נאָדלבוים האָט זיך געטאָן אַ ציַ, — ווי טויזנטער זונען בליִען זיי, אמתער גאָלד־קאָליר! זון־קאָליר! ווי קען דאָס זיין? ווי קען דאָס זיין? אַזוי שוואַרץ און קליין אין דער ערד אַריין?

און אָט שפּרייזט דער קאָלאָניסט מיט פעסטע טריט צום פעלד און אויף אַ קול ער פרייט זיך און ער קוועלט.

מיט זוניקע רייד, ער רעדט צו זיין געזינד: — ווי שיין עס בליִען
די רויזן־בלומען אַצינד, און ס'אַ גערעטעניש פון רויזן אייל
ווערט דאָס
הייַיאָר זיין, קינדערלעך, גאָטס ברכה איז אין זיי אַריין!...

— — — — — — — — — — — — — — —

האָט דער נאָרלבוים זיך פאַרשעמט
מיט זיינע גרינע פּוסטע הענט...

# אַ לימענע־בוים און אַ רויזן־קוסט

אַ לימענע-בוים, ברייט און הויך,
האָט אַ גאַנצן ווינטער זיך אַרומגעקוקט,
און מיטאַמאָל זיך אַרומגעזען;
דערנעבן וואַקסט אַ רויזנקוסט אויך ? !
צו-וואָס און צו-ווען?
— ווֶעמען נוצסטו דען?
איז די לימענע אַרויס מיט אָפענע רייד
און עטלעכע, בלימעלעך ווייסע פונאַנדערגעשפּרייט
און לימענעס גרין און געל פאַר פרייד
האָבן זיך צעוויגט — אַראָפּצושפּרינגען גרייט.
און ס'האָט די לימענע, מיט די גרינע ליפּן געטאָן אַ בלאָז:
— אַז צו-וואָס?
צו וואָס באַדאַרף מען דיר אין אונדזער הויף
אַז סך-הכל בליסטו אויף
ווען ס'איז שיין און וואַרעם נאָר?
זעסטו, איך! בין אַ קיילעכדיקן יאָר
אין אַלע צייטן טעטיק!
און אויף אַלע געביטן!
אַ גאַנץ יאָר, האָב איך פּירות און צוויטן
און מיינע לימענעס, זענען זאַפטיק און זעטיק
און זיי פאַרמאָגן דאָך דעם „צע"-וויטאַמין,
אָט ווי נוצלעך איך בין!
און דו, וואָס טוסטו אויף דאָ?
אַז דו בליסט אַמאָל שוין יאָ?
איז עס דאָך אויף עטלעכע טעג נאָר בלויז —

צוליב ווען נישט ווען אַ רויז
אַ גאַנצן יאָר, טוי און לופט דו פאַרצערסט,
און די זאַפטן פון דער ערד.
ווער באַדאַרף דיר דאָ, ווער?
ווען פעלסטו אויס?
האָט די רויז —
די איידלסטע פון די בלומען,
אַ גאַנצן ווינטער פאַרנומען
די זויערע לימענע־רייד
פון איר שכן ביים זייט —
געהערט — און געשוויגן.
די פאַרביקע רויזן־בלעטעלעך ליגן
אין די צווייגעלעך טיף פאַרשטעקט,
פונעם ווינטער זיי באַהאַלטן זיך אויס,
ביז — ס'האָט דער פרילינג אַריינגעשמעקט
און ס'איז דער רויזנקוסט אַרויס
מיט די ערשטע רויזנרייד:
— לימענע־בוים, אָט איז דער באַשייד!
דו זאָגסט איך פאַרנעם דאָ אומזיסט אַ פּלאַץ:

צי טראָגט אַ לימענע, אַ מאַן אין זיין לאַץ?
און אַ פרוי אין איר קלייד
ווען אויף אַ שמחה זי גייט?
און זאָג מיר אָקאָרשט, וואָסער קינד עס וועט
טראָגן דער לערערקע, לימענעס אַ בוקעט?...
און אויף אַ יום־טוב אין שול?
מיט וועמען זענען אַלע בלומענטעפּ פול?
אמת, דו באַטעמסט, יעדן מאכל און געטראַנק
אָבער איך בין דאַך — די פרייד!
ווי ליד און געזאַנג
יעדן יום־טוב איך באַגלייט
מיט מיין דופט און פאַרביקן אָנטאָן,
איך בין די בלום פון יום־טוב!

# אַנדערש

נעבן אַ בוים;
אַלט און צעגוידערט,
פאַרקרימט און פאַדרייט —
מיט צווייגעלעך גלייכע,
געטאָקטע — עס שטייט
אַ ביימעלע אַ יונגס;

אַ נויג, אַ בויג, אַ שפּרונג —
מיט נייע בלעטעלעך עס שפּראָצט —
און טאָג און נאַכט: האָץ-האָץ,
עס האָצקעט זיך: האָץ-האָץ!

אַ וואָרף דאָס קעפּעלע אַהער,
אַ וואָרף אַהין.
און עס שטאָלצירט
און קאָקעטירט:
— ווי שיין איך בין!
ווי שלאַנק און דין!

ווי שיין! אַך! אַזוי שיין
איז דאָך נאָר — איך, איך אַליין!
און ווי גרויס איך ווער!
עס הוידעט זיך און קוועלט,
און וואָס אַ טאָג אַלץ מער און מער
זיך אַליין געפעלט.

און עס קען זיך גאָרנישט

אָנקוקן צו זאַט:
— ווי העל איז מיין הויט,
ווי צאַרט און ווי גלאַט!...

— — — — — — — — — — — — —

אַט אַזוי איז דאָסביימעלע
מיט זיך אַליין, אַזוי פאַרנומען געווען
און מיטאַמאָל — צום ערשטן מאָל —
איר מאַמע-בוים דערזען.

— אוי! מאַמעלע-מאַם!
אַ פאַל צו, צו דער מאַמעס
איינגעבויגענעם שטאַם:
— ווער האָט עס דיר געטאָן?
די צעשפּאָלטענע האַרטע קאָרע
מיט אירע ווייכע פינגער-בלעטלעך רירט אָן.
גלעט און רעדט:

— נישט פון דיין וואָרצל
נישט פון דיר בין איך אַרויס?
און ווי אַנדערש זעסטו אויס!
אוי! אוי! אַנדערש אַזוי!...
אַזוי אַנדערש!...
און עס גלאַנצן אויף
אין יונגע אייגעלעך
די ערשטע טרערן:
— ווער?! האָט עס דיר געמאַכט,
אוי! מאַמעלע-מאַם,
אַז דו זאָלסט — אַזוי אַנדערש ווערן?...

און דאָס ביימעלע טראַכט,
טראַכט אין זיך:
— מן-הסתם, איז מאַמעלע-מאַם
קיינמאָל נישט געווען
אַזוי יונג און שיין ווי איך!...

# גרינע רייד

ס׳האָט אַ הויך, שייןביימעלע דערהערט
ווי די גרעזעלעך אונטן, ביי דער ערד
האָבן זיך גרעזולדיק צערעדט.
און איינס דאָס אַנדערע
האָט מיטן גרינעם צינגעלע געטאָן אַ גלעט.
— ש... ש... שכנהלע מיינס, צי זעסטו ניט?
אָט דאָס ביימעלע אין אונדזער מיט
ווי עס חנדלט זיך
און קרוינדלט זיך
צו אַ יעדן זמן;
פאַר יעדן איינעם —
איז ביי איר אַן אַנדער ציר פאַראַן...

פאַרן פרילינג —
פון פאַרביקע צוויטן אַ קלייד,
פאַרן זומער — פון צייטיקע פרוכט אויסגענייט.
פאַרן האַרבסט —
פון בלעטער גאָלד אויסגעשפרייט
און אַפילו פאַרן ווינטער
אַ גרוי מאַנטעלע גרייט...

ש... ש... ש... אוי-אוי-אוי!
פע! פע! ס׳איז נישט שיין אַזוי!
גאָרנישט ווי עס פאַסט — — — —
נישט ווי מיר, גרעזעלעך אָן אַ שיעור —

שטענדיק מיט דעם זעלבן קאָליר —
צו דער ערד פאַרקנסט...

האָט דאָס ביימעלע געהערט
די גרעזולדיקע רייד און געקלערט:
— נעבעך, ס'אַ רחמנות!
אויף די גרעזעלעך ביי דער ערד.
זיי — קענען דאָך נישט אויסוואַקסן ווי איך!
זיי — האָבן דאָך נישט מער
ווי איין גרינן העמדעלע אויף זיך!...

# דאָס גרויסע הויז – הויף און שטאַלץ און דאָס קליינע שטיבעלע פון האַלץ

***

נעבן אַ הויז, וואָס האָט זיך געהויבן הויף־שטאָקיק און שטאָלץ, איז געשטאַנען אַ קליינטשיק שטיבעלע פון האָלץ.

האָט דאָס שטיבעלע געהאַט בלויז איין טיר, איין פענצטער, איין שויב. צו־וואָס באַדאַרף זי נאָך? אַז אַריינפליִען זאָל מער שטויב? און דער הימל איז דאָך סיי־ווי אַזוי טיף און ברייט איבער אַלע הייזער אויסגעשפּרייט.

און איבערן שייבעלע פלעגט לייכט און באַקוועם ווי אַ ברעם, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ איבערן אויג, פונקט אַזוי פלעגט הענגען אויפן פענצטערל אַ פאָרהענגל העל־בלוי, אַזוי בלוי — אַז מ'האָט דורכן דעם אַרויסגעקוקט אינדרויסן אויפן גראָז, האָט אַפילו דער טוי, געפינקלט בלוי.

און פון דעם גרויסן הויכן הויז, אַזויפיל טירן און פענצטער פון אַלע ווענט קוקן אַרויס, און די באַלקאָנען פון אַלע שטאָקן פלעכטן זיך אַרום מיט אַלערליי בלומען און בלעטער געדיכט.

און די זון פון אַלע זייטן אַרום, אַ גאַנצן טאָג מיט שטראַלן שיט און שיט אַריין אין גרויסן הויז — דוכט זיך — דאָס גאַנצע ליכט.

פלעגט זיך אין קליינעם שטיבעלע דאָס פאָרהענגל טאָן אַ פאַר־שאַר און אין שייבעלע — אַן אויג אַ שפּאַר, אַ בליק אין דרויסן

אַרויס, אַרויף צו דעם גרויסן הויז. פלעגט אין אויג אַ גלאַנץ טאָן אַ טרער:

— ווער האָט מיך דאָ אַוועקגעשטעלט, ווער? צו וואָס דאַרף איך דווקא אָט אָ־דאָ שטיין? נעבן גרויסן געמויערטן הויז זע איך דאָך אויס — נאָך קלענער פון קליין, און גרעסער פון גרויס דאָס גרויסע הויז....

אָבער אַ שטיבעלע האָט נישט קיין פיס און קען אַליין ניט גיין, אַז מען שטעלט עס אַוועק, מוז עס שטיין. —

אין אָוונט פלעגט דאָס שטיבעלע דערזען אַזויפיל לאָמפן מיט־אַמאָל צעברענט, אינעם גרויסן הויכן הויז. פון יעדן פענצטער שיינט זון בלענדט אַרויס.

האָט דאָס שטיבעלע פון האַליק געטראַכט:

— ביי זיי שיינט די זון אַפילו ביינאַכט, אַזויפיל ליכט פלייצט פון אַלע שויבן. ווי פריילעך מוז זיין דאָרטן אויבן, שטענדיק אַוודאי נאָר מ'לאַכט! ס'לאַכט זיך שוין דאָרטן זיכער פון זיך אַליין און קיינמאָל וויינט דאָרטן קיינער ניט — ניין.

אַזוי האָט דאָס שטיבעלע געטראַכט, ביז איינמאָל איז געשען: אַ מאָדנע זאַך...

איינמאָל, — ס'קען זיין אַז אַ וואָלקן איז פון שוואַרצלאַנד אָנגעקומען, הויך־הויך געשוועמט, און אַזוי ווי דאָס גרויסע הויז שטרעקט אַרויס אין די הימלען הויך דעם קאָפּ, איז דער וואָלקן באַלד אויף איר אַראָפּ, אויפן ברייטן שויס פונעם הויכן הויז זיך אַראָפּגעזעצט.

און מיטאַמאָל, — האָט דערזען דאָס קליינע שטיבעלע פון האַליק, אַז דאָס הויכע הויז, וואָס הייבט זיך אַזוי שטאָלץ, איז אַזר מעטיק פאַרוואָלקנט און פאַרנעצט און עס קייקלט זיך אויף אירע גלאַטע מירמל־ווענט אַ טרער נאָך אַ טרער.

— ווער קען עס דאָרטן וויינען, ווער? האָט דאָס קליין שטיבעלע געוווּנדערט זיך אַזוי, געקוקט דורך איר פאַרהענגל העל־בלוי — איר איינציק אויג.

— איז צו וואָס־זשע טויג גאָר איינגאַנצן אַזאַ גרוים געבוי ? אַז דאָרטן אין דער הויך, וויינט מען אויך ? !...

און אַז די זון איז ווידער אויפן הימל אַרויס, האָט דאָס שטיבעלע מער נישט געקוקט צום גרויסן הויז, אַרויף, צו די הויכע פענצטער, צעעפנטע ברייט, נאָר אויפגעפראַלט איר אייגן פענצטערל מיט רייד פון פרייד: — צו־וואָס באַדאַרף איך שויבן אָן אַ שיעור ? און ווי גוט ! ווי גוט איז מיר; אַז בלויז פון איין שטראַל, וואָס שיינט דורך מיין שײַבעלע אַריין, קען ביי מיר אַזוי ליכטיק זיין !...

# שרהלעס אויגן

שרהלע איז זייער אין כעס אויף אירע אויגן. אַלעמאָל, ווען זי ווייל נאָר זאָגן אַ ליגן, אַ פּיצעלע ליגנדל — לאָזן זיי נישט!

אָט איז זי נעכטן אַריינגעלאָפן פון דער שכנהס שטוב מיט אַ בוים:

— מאַמע, העניעלע מיט איר מאַמען גייען שפּאַצירן. דו לאָזט מיך גיין מיט זיי?

— שרהלע, — פרעגט איבער איר מאַמע — ס'איז אמת אַז העניעלעס מאַמע גייט אויך מיט אייך?

— אמת, יאָ, יאָ! — זאָגט שרהלע שוין גרייט אַרויסצולויפן.

— וואַרט נאָר, אַנו טעכטערל — הייבט אויף די מאַמע איר גאָמבעלע— לאָז מיר נאָר אַ קוק טאָן אין דיינע אויגן?

— איר מאַמע גייט אויך. יאָ, יאָ — חזרט איבער שרהלע נאָכאַנאַנד — אַז איך זאָג דיר אַז יאָ...

שרהלעס מויל זאָגט „יאָ", נאָר די אויגן אירע פינטלען זיך פונאַנדער: „ניין", „ניין"!

נו, שרהלע? — שמייכלט די מאַמע — וועמען זאָל איך גלייבן? דיין מיילעכל זאָגט טאַקע „יאָ", אָבער דיינע אויגן זאָגן „ניין"!

— מאַמינקע, דאָס מויל דאַרף מען גלייבן... די אויגן קענען דאָך נישט ריידן אַ וואָרט.

— הע, טעכטערל, די אויגן ריידן שוין יאָ. מ'דאַרף זיי נאָר קענען פאַרשטיין — טוט איר די מאַמע אַ גלעט איבערן קעפּל. דיינע אויגן זאָגן מיר, אַז העניעלעס מאַמע גייט נישט. זי האָט מסתמא נישט קיין צייט, פּונקט אַזוי ווי איך. דאָס האָט איר פאַרטראַכט, איר ביידינקע אַליין... און אַליין ווייסטו — טאָר מען נישט גיין!

שרהלע איז אַוועקגעלאָפן אַזוי שטאַרק אין כעס אויף אירע אויגן.

— וואָס אַרט זיי, אַז די פיסעלעך ווילן גיין.

פאַרלוירן אַזאַ שפּאַציר צוליב זיי! זי וואָלט זיי דערפּאַר...

ווען דאָס וואָלט איר געטאָן די רעכטע האַנט, וואָלט זי מיט דער לינקער איר געגעבן אַזאַ פּאַטש, און ווען די לינקע טוט איר אָפּ אַזאַ זאַך, וואָלט זי מיט דער רעכטער — אָהאָ, זי וואָלט שוין... אָבער די אויגן, וואָס קען זי זיי טאָן?

שרהלע געפינט דער מאַמעס אַ שפּיגעלע. זי טוט עס אַ כאַפּ, אַ הייב אויף אין דער הויך און זי וויל אָנקוקן אירע אויגן.

— שלעכטע! — טוט זי אַ הייב ס'צווייטע הענטל, פאַרבײַלט אין אַ פויסטל — שלעכטע! שלעכטע! נאָך אירע גרויסע שוואַרצע אויגן נעמען זיך הוידען און זויגן:

— מען טאָר נישט זאָגן אַ ליגן!

— מען טאָר נישט!...

ס'אַ נאַריש שפּיגעלע — טוט אים שרהלע אַ לייג אַוועק. ער אויך!... ער האַלט אויך מיט זיי!...

***

און אָט איז שרהלע אַריינגעלאָפן מיט אַ געוויל:

— מאַמע! גיכער! גיב מיר געלט, רייזעלע מיט עטעלען גייען זיך קויפן אייזקרעם, וויל איך אויך.

— אייזקרעם איצט? ס'איז דאָך נאָך קאַלט? וואונדערט זיך די מאַמע.

— אַז רייזעלען מיט עטעלען לאָזט זייער מאַמע — צעשיינט זיך שרהלעס פּנימל — מעגסטו מיך אַוודאי לאָזן.

— רייזעלע מיט עטעלען זענען דאָך געווען אַזוי שטאַרק פאַר־קילט, לאָזט זיי שוין די מאַמע עסן אייזקרעם? איך קען דאָס נישט גלויבן!

— אָבער, מאַמינקע! — שפּרינגט שרהלע פון אומגעדולד. איך זאָג דאָך דיר, אַז זייער מאַמע לאָזט זיי שוין. יאָ, יאָ, יאָ!

— פליעסקען אירע ליפּעלעך מיט פרייד.

— יאָ, טאַקע אַן אמת — זאָגט שרהלעס מאַמע — אַנו הייב

נאָר אויף די ליכטיקע אייגעלעך דיינע, אויב זיי וועלן מיר אויך זאָגן אַז יאָ. אַנו, אייגעלעך, לאָמיר נאָר אַ קוק טאָן אין אייך...

— איך קען נישט, מאַמע, איך קען נישט איצט.

— וואָסי געשען?

— כ'ווייס נישט — הייבט שרהלע די אַקסעלעך. — ווייזט אוים ס'איז מיר אַריינגעפאַלן אין די אויגן אַריין אַ זעמדעלע צי וואָס. אוי! עס טוט מיר וויי, ס'טוט וויי! — לייגט שרהלע אַרויף אירע הענטעלעך אויף זיי און זי וויל שוין אַרויסלויפן אינדרויסן...

— איז ווייזשע וועסטו גיין אַזוי? אָט וועל איך דיר צולייגן אַ נאַס טיכעלע צו די אויגן וועט דאָס זעמדעלע אַרויס; אָט גיי איך שוין ברענגען...

אַז די מאַמע איז אַרויס, האָט שרהלע דערזען קעגנאיבער אויף דער וואַנט פון גרויסן שפיגל — גלאַנצן אַרוים אירע ביידע אויגן און זיי ווינקען צו איר:

— אַהאַ, מיר האָבן נישט פאַרשוויגן! שרהלע: מען טאָר נישט זאָגן קיין ליגן!...

# דער גוטער זיידע

— מאַמע! — איז לייבעלע אַ פרייליכער אַריינגעלאָפן אין שטוב — טרעף פון וואָס מיר האָבן היינט געלערנט אין שול?

— פון וואָס? — העלפט די מאַמע לייבעלען אויסטאָן ס׳ווייסע פאַרטעכל — אַוודאי פון יום־טוב פסח?

— יאָ! אמת. ווי אַזוי האָסטו עס אַזוי גיך געטראָפן?

— גאַנץ פשוט, ס׳איז דאָך ערב פסח, טאָמער פעלן נאָך עט־לעכע טעג...

— מאַמעלע, וואָס מיר געפעלט צום בעסטן, איז דאָס מעשהלע פון גוטן זיידן אליהו, אליהו — ה־ה־ה...

— אליהו הנביא? — העלפט אים די מאַמע.

— יאָ, — צעגלאַנצן זיך לייבעלעס אויגן; — מאַ! דו ווייסט אַלצדינג?!

— ס׳אַ חידוש? — שמייכלט די מאַמע — איך האָב זיך אויך געלערנט אין אַ יידישער שול, נישט אַזאַ גרויסע ווי דיינע, אָבער, געלערנט האָבן מיר זיך זייער פלייסיק!

— ווייסטו דאָך, מאַמעלע, אַז דער גוטער זיידע אליהו ה...

— אליהו הנביא!

— יאָ, אַזוי זאָגט אויך אַרוים די לערערקע; איז ווייסטו דאָך, אַז דער גוטער זיידע איז אַזאַ שיינער! ער האָט אַ הויכן שטערן, גוטע ליכטיקע אויגן און אַזאַ לאַנגע, ווייסע באָרד.

מיטאַמאָל הייבט אויף לייבעלע זיינע אויגן קעגנאיבער, אויף דער וואַנט.

— מאַ־מינ־קע! זע נאָר! ווער? ווער איז דער זיידע פון דעם בילד?

— לייבעלע! וואָס טוט זיך מיט דיר? האָסט זיך גאָר פלור־

צים פאַרגעסן? דאָס איז דאָך דיין עלטער־זיידע, ס'הייסט — מיין זיידע ר' יעקב משה זצ"ל.

— וואָס איז דאָס וואָס דו זאָגסט?

— מ'זאָגט דאָס, מיין קינד, ווען מ'דערמאָנט אַ צדיק.

— אַהאַ! אַ צדיק...

— אַ צדיק הייסט אַן ערלעכער ייִד, וועלכער טוט אַלעמען בלויז גוטס. אַ גוטער, איידעלער מענטש... און אומעטום, ווען און ווו עמעצער איז אין אַ נויט, קומט ער באַלד מיט זיין הילף.

— מאַ! אָט מיט די זעלביקע ווערטער האָט אונדז די לערערקע דערציילט פון דעם גוטן, גוטן זיידן אליהו. און — דיין זיידע זעט אויס פונקט אַזוי ווי ער.

— יאָ, מיין קינד, מיין זיידע איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, געקענט אַ סך תורה.

— מאַ, דו ווייסט? וועסט נישט זיין אויף מיר בייז? — קוקט לייבעלע און קוקט אויפן בילד — מיר געפעלט זייער שטאַרק דיין זיידע... נאָך מער פון — מיין זיידן!...

— לייבעלע! — צעלאַכט זיך די מאַמע — וואָס רעדסטו? האָסט דאָך כמעט באַליידיקט מיין טאַטן!...

— ניין, מאַמעלע, ניין! — צעטומלט זיך לייבעלע און פינטלט מיט די אויגן — ניין! איך... איך האָב דאָס ניט געמיינט; איך האָב זייער ליב מיין זיידן! דו זעסט דאָך אַלע מאָל ווען ער קומט אַהער, ווי מיר שפּילן זיך אַפילו אין פוטבאָל... און דער זיידע געווינט מיר אויך אַמאָל! נו, מיר באַקסירן זיך נישט? אָט אַזוי־אָ, מיט די פויסטן — בום, בום, בום!...

— נו?... — קוקט אים אָן די מאַמע.

— אָבער — פאַרטראַכט זיך לייבעלע — פאַר אַ זיידן, אַן אמתן זיידן, געפעלט מיר בעסער — דיין זיידע.

— ס'אַ גוטער סימן — שמייכלט די מאַמע צופרידן — דו וואַקסט אַ גוטער ייִד... — און, גרייט זיך צו, זונעלע. וועסטו פרעגן די פיר קשיות...

— איך גאָר, איך? פאַרוואָס נישט חנהלע, אַזוי ווי פאַראַיאָרן פּסח?

— פאַראַיאָרן האָסטו נאָך גאָרנישט נישט געוווסט און נישט געקענט; הייַיאָר גייסטו שוין אין דער יִדישער שול...

— איך קען שוין טאַקע די ערשטע צוויי קשיות אויף אויסנווייניק. מיר זינגען דאָך אַזאַ ליד: „מה נשתנה...״ — הייבט אָן לייבעלע זינגען.

— ביזן ערשטן סדר וועסטו קענען אַלע פיר.

— און טאַטע, טאַטע פאַרגעס איך זיך אַ וואָרט?

— וועט דער גוטער, גוטער זיידע, דיר העלפן דאָרט!..

די נאַכט פאַרן ערשטן סדר, אַז לייבעלע האָט זיך געלייגט שלאָפן, איז ער נאָך לאַנג־לאַנג געלעגן מיט די אויגן אָפן און געטראַכט: „מאָרגן איז שוין די ערשטע סדר־נאַכט. איך זאָל נאָר ניט פאַרגעסן און פרעגן די קשיות ווי ס׳דאַרף צו זיין! איך דערמאָן זיך ווי פאַראַיאָרן האָט מיין שוועסטערל חנהלע פאַרדרייט אַ וואָרט און מיין שוועסטערקינד יאָסעלע, האָט זיך אַזוי צעלאַכט. אוי־אוי! איך, איך וואָלט זיך אַזוי פאַרשעמט״...

און לייבעלע הייבט אָן ווידעראַמאָל פונדאָסניי איינחזרן:

„מה נשתנה הלילה...

ערשט, ער טוט אַ קוק — איך שטוב איז שוין יום־טוב. דוכט זיך, אַז אַזוי ליכטיק ווי היינט, איז נאָך קיינמאָל נישט געווען. ווו האָט עס די מאַמע געקראָגן אַזעלכע ליכטיקע ליכט? און דער טיש איז אַזוי לאַנג! וויפל ברעטער האָט מען עס אַריינגעשטעלט אין דער מיט? און ווען? און דער טישטעך? ער האָט נאָך אַזאַ ווייסקייט נישט געזען...

דער זיידע, די באָבע, דער טאַטע, די מאַמע, זיצן אויבנאָן; און אַרום — אַלע פעטערס און אַלע מומעס. ווען זענען זיי אַריינגעקומען? און אַלע שוועסטערקינדער, חברים און פריינט. ס׳איז שוין דער אמתער יום־טוב פסח היינט! — טראַכט זיך לייבעלע, און — מיטאַמאָל דערהערט ער: עס קלינגט זיין אייגן קול:

— מה נ־ש־ת־נ־ה!...

אַלעמענס אויגן באַלייכטן אים. נאָר — וואָס איז דאָס? ווו איז אַהינגעקומען זיין שטים? ווייזט אויס, פאַרגעסן זיך... — לייבעלע

הייבט אויף זיינע אויגן קעגנאיבער, צום זיידן, אויפן וואַנט: — וואָס וועט איצטער זיין?...

אַלע וועלן זיך דערוויסן באַלד און...

נאָר אָט דערנענטערט זיך צו אים מיט ווייכע שטילע טריט, אַזאַ ליכטיקע געשטאַלט... — דורכן טיר אַריין? צי פון דער וואַנט אַראָפּ?

ער טוט אַ שאָקל צו לייבעלען מיט זיין ווייסן קאָפּ און ער שטעלט זיך נעבן אים אַוועק.

באַלד פאַרשווינדט לייבעלעס שרעק. דער זיידע זעצט פאָר — און לייבעלע זאָגט אים נאָך, וואָרט נאָך וואָרט, און ער טראַכט, אַז דעם זיידנס גרויסע, ווייסע באָרד איז אינגאַנצן פון שמייכל געמאַכט... אַז מ'קוקט אויף איר, ווערט אַזוי גוט און פריילעך, ביז גאָר! און לייבעלעס קול קלינגט איצט אַזוי לויטער און קלאָר: „שבכל הלילות"...

אַלע זיצן פאַרגאַפט, קיינער טוט זיך פון אָרט נישט אַ ריר; אַלע וווּנדערן זיך ווי גוט לייבעלע פרעגט — צום ערשטן מאָל — די קשיות, אַלע פיר!...

אין זיין מאַמעס אויגן גלאַנצן טרערן און זיין שוועסטערל וווּנדערט זיך נאָך מער:

— ער קען דאָך שוין בעסער פון מיר!...

# לאָמיר פֿאַרטרייבן דעם ווינטער!...

משהלע, פֿון אַ שטעטל אַ שעה רייזע פֿון בוענאָס־איירעס, איז געקומען צו זיין פֿעטער, וואָס וווינט אין סאַמע צענטער פֿון אונדזער הויפּטשטאָט.

זיינע שוועסטערקינדער, מיכעלע און שימעלע זענען געזעסן אַרום טיש מיט זייערע חברימלעך בערעלע און איצעלע און געהאַלטן שוין ביים פֿאַרענדיקן די שול־אויפֿגאַבן אויף מאָרגן.

משהלע האָט זיך גענומען אויסטאָן די הענטשקעס, דאָס מאַנטעלע און געכאַפּט אַ ציטער:

— ברררר... ווי קאַלט! ווי קאַלט ס'איז ביי אייך! כ'ווייס גאָרנישט ווי איר קענט דאָ איינזיצן, שרייבן און מאַכן די לעקציעס! ביי אונדז...

— באַלד — האָט זיך אָנגערופֿן זיין שוועסטערקינד שימעלע — באַלד וועט מען אָנצינדן די צענטראַל־באַהייצונג. עפּעס שפּעטיקט מען זיך היינט, ווייזט אויס, אפֿשר איז עפּעס קאַליע געוואָרן?

— און אפֿשר? — זאָגט מיט אַ קלוגיטשקן שמייכעלע דער עלטערער מיכעלע, אפֿשר וויל מען גאָר איינשפּאָרן? אַ שעה, אַפֿילו אַ האַלבע שעה, פֿון אַזויפֿיל דעפּאַרטאַמענטן קלייבט זיך אָן אַ סךמעלע... כ'האָב אַליין געהערט ווי די מאַמע מיט נאָך אַ פּאָר שכנות האָבן זיך באַקלאָגט: „אין אַזעלכע קעלטן שפּאָרן פֿון באַהייצונג"?!

— אַ! — רייבט זיך משהלע אַ האַנט אין אַ האַנט, ביי אונדז איז טאַקע אַ מחיה! וואַרטן ביז דעם הויז־אויפֿזעער וועט זיך פֿאַרגלוסטן איינהייצן? באַ! מיר האָבן אין שטוב אַ „קאַמין", אַזאַ מין אויוועלע, וואַרפֿט מען אַהין אַריין עטלעכע שטיקלעך האָלץ, און עס ברענט זיך פֿונאַנדער אַזאַ שיין פֿייערל, עס קנאַקט און עס

שפּריצט מיט פונקען, אַלע ווילן אַ שאָס אַרויס, און עס טרייבט דעם ווינטער פון שטוב אַרויס...

— כאַ־כאַ־כאַ! — לאַכן זיך אַלע פונאַנדער. — טרייבט דעם ווינטער אַרויס! ווי שיין געזאָגט! און אַלע זענען מסכים:

— טאַקע אויף אַן אמתן, — מ'דאַרף אים אַרויסטרייבן!

— פאַרטרייבן!...

— ווער דאַרף אים דאָ, דעם ווינטער?

— ווער רופט אים אַהער?

— נאָך וואָס קומט ער?

— וואָס ברענגט ער אונדז?

— וואָס? — אַ הוסטעניש, אַ ניסעניש, אַלע טאָג פעלן אַנדערע קינדער אין שול, וואָסי? — זיי גריפּעווען...

— און די מאַמעס סוועדערן אונדז אָן —

— זיך קוים אַ ריר צו טאָן!...

— ווייסט איר גאָר וואָס, חברה? — האָט זיך אַ הייב־געטאָן מיכעלע —די לעקציעס האָבן מיר שוין פאַרענדיקט. מיר זענען דאָ שיעור געפרוירן געוואָרן זיצנדיק אויף איין אָרט; קומט, לאָמיר גאָר זיך אַ שפּיל טאָן, ערגעצוואו אַ לויף־טאָן...

— אַז מ'לויפט ווערט טאַקע וואַרעם...

— אָבער וווּ וועסטו דאָ לויפן? לויף! לויף! — וווּ האָסטו דאָ אַ הויף?

— אַ! — רופט זיך אָן משהלע, — ווען איך קען אייך אַהער ברענגען מיין הויף! ווי מיר שפּילן זיך עס דאָרט!

— ביי אונדז! ביי אונדז! — שפּרינגט אויף בערעלע. קומט אַלע צו אונדז! לעם אונדזער שטוב האָט מען אַראָפּגענומען אַן אַלט הויז און ביז מ'וועט אָנהייבן בויען פונדאַמענטן — האָבן מיר דער־ווייל דאָרט אונדזער שפּילאָרט געמאַכט...

— אויב אַזוי, קענען מיר דאָך דאָרט, ווי ביי משהלען אין שטוב, פאַרטרייבן דעם ווינטער...

— יאָ! יאָ! יאָ! — האָבן אַלע געשפּרונגען:

— פאַרטרייבן דעם ווינטער!

— פאַרטרייבן דעם ווינטער!

איינס און צוויי האָט מען צונויפגעלייגט די העפטן, די ביכ־

לעך, אַלץ גרייט אויף מאָרגן אין שול אַריין און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז שוין אויף בערעלעס ליידיקן הויף געווען לעבעדיק און ליכטיק.

אַ גאַנצע כאָפּטע יינגעלעך און מיידעלעך האָבן צונויפגע־שלעפּט ווער אַ שטעקן פון אַ בעזים, אַ פיסל פון אַ בענקל, אַ קעסטל, אַ ברעטל, אַ העלצל, אַ שפּענדל, אַ הענטל פון אַ פענדל, טרוקענע צווייגעלעך, אַלטוואַרג, שמאַטעס, פּאַפּיר און וואָס ניט ?

און רויטע פייער־צינגעלעך זענען געשפּרונגען אין דער לופטן, זיך געוואָטן, ווער ווער עמען וועט איבערשטייגן...

— נאָך! נאָך! נאָך! חברה! — האָבן אַלע מיט התפּעלות געשריגן! אַרומגעשמייעט אַרום דעם פייער און אַלעמאָל צוגע־וואָרפן נאָך עפּעס...

מ׳האָט געטאַנצט און געפּליעסקעט מיט די הענט און געזונגען אויף די העכסטע טענער...

— זומער! זומער איז געזינטער!
לאָמיר, לאָמיר פאַרטרייבן דעם ווינטער,
פאַרטרייבן דעם ווינטער!

— אוף! ווי היים! האָבן איינע נאָך די אַנדערע אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די אויבערשטע מלבושימלעך...

— אַהאַ! ער אַנטלויפט טאַקע דער ווינטער!
— האָט מורא פאַר אונדז!...
— אַזאַ טרום! אַזאַ! — כאַ־כאַ־כאַ!
— ווי ער זעט נאָר אַ פייער־שפּיץ
— ווערט ער ניט באַלד —
— נו, ווער עמען איז נאָך קאַלט ?
— קאַלט ? אויף אַ היץ! ס׳אַראַ היץ!

די ווינטער נאַכט האָט זיך גענומען צואיילן, זיך אַראָפּגעלאָזן, מיט אירע טונקעלע ברייטע פאָלעס געוואָלט — פאַרדעקן אַלץ מיטאַמאָל...

נאָר דאָס פייערל האָט זיך נישט געלאָזן — ס׳האָט זיך נאָך ליכטיקער צעברענט, זיך צעפּאָכעט מיט אַ סך, אַ סך הענט און צו־נויפגערופן אַלע קינדערלעך פון דער קוואַדרע אַרום, זיך צעשפּריצט און צעלאַכט:

— קינדערלעך, איך האָב אייך וואַרעם געמאַכט! הייבט מיך העכער, האַלט מיך גרויס, קינדער, לעשט מיך נאָר נישט אויס!

— ניין, ניין, נישט פאַרלעשן, ניין!

ס׳ברענט דאָס פייערל אַזוי שיין! און די קינדער האָבן גע־שפּרונגען און געזונגען:

זומער, זומער איז געזינטער!

לאָמיר, לאָמיר פאַרטרייבן דעם ווינטער!

מיטאַמאָל איז בערעלעס מאַמע, אַן איבערגעשראָקענע אַרויס־געלאָפן פון שטוב און געבליבן אַ פאַרצאַפּלטע:

— קינדער, וואָס טוט זיך דאָ? איר קענט דאָך חלילה, ניט זיין זאָל די שעה! קינדער!

און אַ קרענצל אייגעלעך, פון פייער־פרייד צעגליט האָט די פּראָסטיקע נאַכט געטאָן אַ ברען, און כלערליי קולכלעך האָבן זיך מיט חידוש צעקלונגען:

— וואָס טוען מיר דען? — מיר — פאַרטרייבן דעם ווינטער...

# קאָמפּאָזיציע

גיטעלע איז געקומען פון שולע פריילעכער ווי אַלע טאָג.

— מאַ! דו ווייסט, איך וועל באַלד אַרויסגיין אין דרויסן זיך שפּילן.

— וואָס־זשע, דו האָסט היינט גאָרנישט קיין לעקציעס צו מאַכן? האָט די מאַמע זיך געוווּנדערט.

— כמעט ווי גאָרנישט, באַ! האָט גיטעלע געמאַכט אַ מינעלע, אַזאַ קליין קאָמפּאָזיציעלע, די לערערקע האָט געזאָגט, אַז מ'דאַרף אָנשרייבן דריי צי פיר שורות, נישט מער.. אין צוויי מינוט מאַך איך דאָס!

גיטעלע האָט אויף גיך אויסגעטרונקען די מילך אין קיך, איז אַריין אין אַנדערן צימער, אַרויסגענומען דעם העפט פון דער טעקע, אַ לייג אַרויס אויפן טיש און אַ מיש אויף:

— קאָמפּאָזיציע: „ווי אַזוי איז דיין מאַמע?" — וואָס פאַר אַ פּיצינקע לעקציעס די לערערקע גיט אונדז אַרויס! באַ! אין אַ פּאָר מינוט בין איך פאַרטיק.

וואָס קען זיין גאָך גרינגער? — האָט גיטעלע געקוואָלן. — וועמען קען איך נאָך בעסער, ווי מיין מאַמען? אָ, יאָ! די לערערקע האָט אָנגעזאָגט מען זאָל שרייבן, פּונקט ווי די מאַמע זעט אויס. גוט. אָט־אָ, שוין! איך הייב אָן:

גיטעלע האָט איינגעטונקען די פּען אין טינט און אָנגעהויבן שרייבן:

— מיין מאַמע איז —

— גיטעלע, — האָט די מאַמע פון קיך זי אַ פרעג געטאָן, — ווילסט איך זאָל דיר צוהעלפן?...

— אָ, ניין! היינט קען איך אַליין, כי־כי־כי! — האָט גיטעלע

געלאַכט שטילינקערהייט אין העפט אַריין, שיין וואָלט עס זיין, די מאַמע זאָל מיר נאָך דאַרפן העלפן ביי אַזאַ קאָמפּאָזיציע. ס'איז דאָך אַזוי גרינג! פון מיין מאַמען ווייס איך — אַלצדינג! „מיין מאַמע איז... און זי לייענט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל איבער די ערשטע דריי ווערטער: „מיין מאַמע איז". און גיטעלע בלייבט זיצן מיט־אַמאָל ערנסט, פאַרטראַכט: „מיין מאַמע איז... מיין מאַמע איז... ווי איז מיין מאַמע? ווי?

קיין הויכע איז זי ניט, דער מומע פייגע דערלאַנגט זי קוים ביזן נאָז, אָבער אַ קליינע אויך ניט, ווייל דער מאַמעס חברטע, וואָס קומט אַלע מאָל אַהער, און איך רוף זי מומע רבקה, איז אַ סך קלע־נער פון מיין מאַמען. איז... טראַכט און טראַכט גיטעלע, איז — ווי־זשע איז מיין מאַמע?

אין דעם מאָמענט איז גיטעלעס מאַמע אַריין אין צימער נאָך עפּעס אַ זאַך...

— מאַ, — האָט זיך גיטעלע דערפרייט — מאַ, זאָג מיר, ווי איז אַ מענטש, וואָס איז נישט קיין הויכער און נישט קיין קליינער?

— אַזאַ מענטש איז פון מיטעלן ווּוקס — האָט די מאַמע פון דער זייט אַ בליק געטאָן אין העפט אַריין און איז אַ צעשמייכלטע אַרויס פון צימער.

„פון מיטעלן ווּוקס", פון מיטעלן ווּוקס — האָט גיטעלע אין זיך געחזרט און ווי די מאַמע איז אַרויס, האָט זי פאַרענדיקט דעם זאַץ: מיין מאַמע איז פון מיטעלן ווּוקס...

— אוף! האָט גיטעלע אָפּגעזיפצט. ערשט איין שורה. און מ'מוז אָנשרייבן כאָטש דריי...

נו, איצט וועט שוין גיין גיכער. און גיטעלע האָט אויפסניי איינגעטונקען די פען און זיך גענומען שרייבן:

— מיין מאַמעס אויגן זענען... האַ? — איז גיטעלע ווידער גע־בליבן זיצן פאַרקלערט: ווי זענען מיין מאַמעס אויגן? ס'אַראַ קאָ־ליר? זי איז געזעסן און געזעסן מיט דער פען אויסגעצויגן איבערן העפט, אַלע מאָל איינגעטונקען אויפסניי אין טינט, פאַרמאַכט און געעפנט אירע אויגן, געפּרוווט זיך דערמאָנען און געדעדט צו זיך אַליין: פע! נישט שיין! נישט שיין! אַ גאַנצן טאָג בין איך מיט מיין מאַמען און איך ווייס נישט... איך ווייס נישט... דעם קאָליר פון מיין

מאַמעס אויגן. מיט אַמאָל האָט זיך גיטעלע אַ הייב־געטאָן פון שטול, אַריין אין קיך שטילינקערהייט.

— מאַמעלע, האָט זי אַריינגעקוקט דער מאַמען אין די אויגן — מאַמעלע, וויפל קאָלירן אויגן זענען דאָ?

— אויגן, מיין קינד, זענען דאָ שוואַרצע, בלויע, גרויע, און אָט ווי מיינע, דו זעסט? — מיינע אויגן זענען ברוינע! ברוינע זאָגט די מאַמע נאָכאַמאָל, אַז גיטעלע זאָל עס גוט געדענקען; ברוינע...

— ברוינע — לויפט אַרויס גיטעלע און שרייבט אַריין אין העפט אויף גיך, איידער זי פאַרגעסט: ברוינע. און איצט די דריטע שורה נאָך און שוין! און גיטעלע הייבט אָן:

און מיין מאַמעס האָר זענען...

— אוי, ס'אַ נאַרישע איך בין. — בלייבט ווידער גיטעלע אינ־דערמיט — אַז כ'האָב געקוקט מיין מאַמען אין די אויגן האָב איך דאָך שוין געקענט אַ קוק טאָן אויך אויף אירע האָר... און זי קלערט און קלערט: מיין מאַמעס האָר זענען... בלאָנדע? ניין! איך ווייס ווי ס'איז בלאָנד, מיין שוועסטערקינד שיינדעלע האָט בלאָנדע האָר... שוואַרצע? — אויך נישט! שוואַרץ איז אַזוי ווי... אַזוי ווי?... שוואַרץ!

— מאַ! — עפנט גיטעלע פאַמעלעכקע די טיר צום קיך און שטעקט אַריין איר קעפל. — מאַ, ווי זאָגט מען אויף האָר, וואָס זענען נישט בלאָנד און נישט שוואַרץ? ווייל... איך דאַרף...

— אָ, גיטעלע — פרייט זיך די מאַמע — דו קענסט דאָך שוין באַלד אַלע קאָלירן פון האָר: שוואַרצע, בלאָנדע און שאַטין, ווי מיינע — ווייזט זי אָן אויף איר קאָפ. אָט־אָ זעסטו, מיינע האָר זענען שאַטין... שאַטין — און גיטעלע לויפט אַרויס אין אַנדערן צימער, גלייך צום העפט, און שרייבט אַריין: „שאַטין".

— אוף! ווי מיד איך בין! — זי טוט אַ קוק אויפן זייגער, וואָס הענגט אַנטקעגן אויף דער וואַנט. אָ! אַזוי שפעט איז שוין? אַזוי לאַנג האָט געדויערט אָנצושרייבן אָט די דריי שורות?

גיטעלע שפאַרט אָן ס'קעפל אויפן אָנלען פון שטול, פאַרמאַכט די אויגן, רוט זיך אָפּ און טראַכט: ווי שווער איז צו שרייבן אַזאַ קליינע קאָמפּאָזיציע?! איז ווי לאַנג שרייבט אַ גאַנצע מעשהלע, „נעבעך" אַ שרייבער!...

און מיר ווילט זיך נאָך לייענען און הערן דערציילן, אַלע מאָל אַלץ נייע מעשהלעך, נאָך און נאָך...

די מאַמע האָט געעפנט די קיך־טיר און גיטעלע האָט דערפילט אַ ריח פון אַ געשמאַקן מאכל...

זי איז צוגעלאָפן און אַרומגענומען די מוטער.

— מאַמעלע! דו קאָכסט עפעס דאָרט? אום! עפעס אַזאַ גע־שמאַקע זאַך! ווי ס'שמעקט! אַ? וואָס איז דאָס?

— אָ, ס'איז אַ סוד! — האָט די מאַמע זי געגלעט.

— איך קאָך עפעס, וואָס דו האָסט זייער, זייער ליב...

— אָ, איך ווייס שוין! איך ווייס, מאַמעלע! גוטינקע! — האָט גיטעלע זיך צעטאַנצט אַרום איר.

— לאָז אָפ, גיטעלע! לאָז! גיי פאַרענדיק די קאָמפּאָזיציע און איך וועל דיך מכבד זיין מיט... מיט...

אַ צעפלאַמטע, מיט גלאַנציקע אייגעלעך, האָט גיטעלע אי־בערגעלייענט איר אָנגעשריבענע קאָמפּאָזיציע פון אָנהייב:

„מיין מאַמע איז פון מיטעלן וווקס.

„מיין מאַמעס אויגן זענען ברוינע.

„אירע האָר — שאַטין.

און... און... זי האָט צוגעשריבן אַ גליקלעכע, אַ פערטע שורה:

„זי קאָכט מיר אַלץ, וואָס איך האָב ליב!".

# „אַלפּאַכאָרעס״ *

צו לייבעלען אין שטוב איז געקומען צופאָרן אַ גאַסט, דעם טאַטנס אַ חבר פון קאָרדאָבאַ און געבראַכט זיי אַ מתנה.

לייבעלע האָט אַ כאַפּ־געטאָן דאָס פּעקעלע, אַ ריס־אויף דאָס פּאַפּיר און אַ געשריי־געטאָן:

— „אַלפּאַכאָרעס״! אַזאַ גרויסע פולע שאַכטל!

— שאַ! שריי נישט אַזוי! — האָט די מאַמע זיך פאַרשעמט, מ׳קען נאָך מיינען, אַז דו זעסט עס קיינמאָל נישט פאַר די אויגן.

— ס׳אַ פאַרגליייך?! — זאָגט לייבעלע. קויף איך זיך אַמאָל אַן אַלפּאַכאָר, אַמאָל צוויי, דריי, צי אַפילו פיר, איז וואָס? אָבער דאָ, זע נאָר מאַמיטאַ! אַזויפיל מיטאַמאָל! און נאָך פון קאָרדאָבאַ דערצו, דאָרט מאַכט מען דאָך די אַלפּאַכאָרעס! — — —

און לייבעלע האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט אויס־געשאָטן די גאַנצע שאַכטל אויפן טיש, אויסגעלייגט אין באַזונדערע קופּקעלעך און איבערגעציילט פון יעדן סאָרט אויף זיין אָרט:

— „12 פון שאָקאָלאַד, 12 פון מאַרמעלאַד און 12 פון?... וואָס איז דאָס פאַרא סאָרט?

ער האָט אָפּגעוויקלט דאָס פּאַפּירעלע און פאַרזוכט. — אָ! ווי געשמאַק! אַ דאַגה כ׳האָב, ווי ס׳הייסט, אַבי איך ווייס, אַז דאָס איז — געשמאַק און זיס.

ער האָט פאַרענדיקט עסן דעם אָנגעהויבענעם אַלפּאַכאָר, אויפ־געגעסן נאָך אַ פּאָר, צו איינס פון יעדן מין. אויסגעגלעט און צו־נויפגעלייגט די גלאַנציקע זילבער־פּאַפּירלעך און די איבעריקע אַלפּאַכאָרעס, צוריק אין פּושקע אַריין, און לייבעלע האָט זיך פאַר־קלערט:

---

* אַ זיס געבעקס.

— ווו באַהאַלט מען דאָס איצט?

אַהאַ, איך ווייס שוין, אין אַ שופלאָד פון קאַמאָד! יאָ! דאָרט וועט זיין דאָס ריכטיקע אָרט!

ער פּרוווט אוים: יאָ, די פּושקע גייט אַהער פּונקט אַריין — די בעסטע באַהעלטעניש וועט דאָ זיין!

מיטאַמאָל דערמאָנט ער זיך: ניין, עס טויג נישט, אין דעם אַנדערן שופלאָד, ביי דער זייט, ליגן דאָך אויך די מעסער און גאָפּל. אַז די שוועסטערלעך וועלן נעמען גרייטן דעם טיש צום עסן, וועלן זיי עס דערזען און...

— ניין, ניין! עס טויג נישט! מ'דאַרף עס באַהאַלטן איידער זיי קומען נאָך פון שול.

— ווי־ווי איז די שאַכטל צו פול! — רעדט צו זיך אַליין לייבעלע, — כ'וועל אַראָפּנעמען נאָך איינס, אויף איצט, וועט זי גרינגער אַריין אין דעם אונטערשטן שופלאָד. קייעט ער דעם אַלפּאַכאָר און ער פּרוווט אוים, שופלאָד נאָך שופלאָד, רוקט אַריין און רוקט אַרויס:

— דאָ איז אויך נישט זיכער!

— לייבעלע! — שרייט די מאַמע פון קיך אַרויס — וואָס האַקסטו דאָרט מיט די שופלאָדן? ווערסט נאָך אָנמאַכן אַ שאָדן!...

— ס'גאָרנישט, מאַמע, — באַרויקט ער זי — דאָס באַהאַלט איך אוים די אַלפּאַכאָרן פון די שוועסטערלעך מיינע, די נאַשערקעס, אָ! ווי גוט איך באַהאַלט! אַניט וועלן זיי עס פּאַטערן באַלד...

***

אַז לייבעלע האָט שוין געהאַט דאָס שאַכטל גוט פאַרשטעקט און מיט אַ סערוועטל איינגעדעקט, האָט ער אַ נעם־געטאָן די פּילקע און איז אַרויס זיך שפּילן אויפן טראָטואַר. נאָר אַלע ווייל'ע איז ער אַריינגעלאָפן, אַ שטעק אַריין ס'קעפּל אין טיר און — אַ קוק, אַ רוק אַהין אַהער דעם שופלאָד און אַ צופרידענער ווידער אַרויס.

***

פאַר מיטיק האָט די מאַמע אים אַ רוף געטאָן:

— לייבעלע, קום גיכער, מיין קינד, כ'וועל דיך אַרומוואַשן, דיך אָנטאָן אָט ווי דו זעסט, דאַרף מען שוין באַלד גיין אין שול.

— היינט לערנט מען נישט — ענטפערט לייבעלע.

— וואָס פאַר אַ יום־טוב איז היינט? — וווּנדערט זיך די מאַמע.

— אַ יאָ, איך פאַרשטיי שוין, שמייכלט זי זיך פונאַנדער — לייבעלע, מעגסט רויִק גיין אין שולע, איך וועל דיר היטן די „אַלפאַבאָרעס"...

— ניין, כ'האָב דאָס נישט געמיינט, — לאָזט לייבעלע די אויגן אַראָפּ, — איך וועל סיי ווי נישט גיין.

— אָבער, פאַרוואָס?

— ווייל... היינט איז שבת!

— מיין קינד, ווייזט איִם די מאַמע דעם לוח, דו קענסט דאָך שוין אַביסעלע לייענען, אָט לייען, היינט איז פרייטיק, ס'איז ערב שבת, דו וועסט גיין אין שולע, קומען צוריק אַהיים, און ביז שבת וועט נאָך פעלן איבער אַ שעה.

— איך בלייב דאָ, איך גיי נישט, היינט איז שבת!

— אָבער, וואָס פעלט דיר איין?

— מאַמינקע, מיר האָבן דאָך אַ גאַסט, און אַז ס'קומען געסט און ברענגען זיסוואַרג נאַשערייען, — איז שבת...

— אָבער לייבעלע...

נאָר לייבעלע איז שוין געווען איינדרויסן און געקלאַפּט אין דער פילקע מיט גרויס חשק. קומען אָן שמואליק און זאביק, אין די ווייסע כאַלאַטלעך מיט די ברוינע טעקעס אין די הענט, בלייבן זיי שטיין, קוקן אים אָן:

— לייבעלע? ביסט נאָך נישט גרייט? קום, מיר נעמען דיך מיט.

— ניין! — שאָקלט ער מיטן קאָפּ — ניין!

—וואָס? גייסט היינט נישט אין שול? פאַרוואָס?

— היינט איז שבת! — שרייט ער אויס מיט פאַרדראָס — שבת!!!

— כאַ־כאַ־כאַ! — לאַכן זיך ביידע פונאַנדער, — לייבעלע איז היינט אַביסעלע, ע?... — טוט שמואליק און זאביק אַ דריי מיט די פינגער אויפן קאָפּ...

און לייבעלע נעמט זיך צו דער פילקע נאָך מיט מער אימפּעט. גייען פאַרביי מירעלע און צירעלע, אין די שטייף־געפּרעסטע

פֿאַרטעכלעך, מיט די גרויסע ווייסע שלייפֿן אין די קעפּ, בלייבן זיי שטיין און זיי וווּנדערן זיך:

— לייבעלע, דו ביסט נאָך דאָ?

— היינט לערנט מען נישט, היינט איז שבת.

ביידע קוקן זיך איבער און לויפֿן פֿון אים אַוועק מיט אַ היל־כיקן געלעכטער: — כאַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי־כיק...

און אָט לויפֿן אָן פּערעלע און בערעלע און שמערעלע, זיין גאַנ־צער גראַד לויפֿט אין שול אַריין.

האָט לייבעלען פּלוצים עפּעס אַזוי שטאַרק פֿאַרקלעמט. ער האָט זיך פֿאַרדרייטלט, מיטאַמאָל זיך פֿאַרשעמט און געגעבן אַ לויף אַריין האַסטיק אין שטוב:

— מאַמעלע! העלף מיר! גיך! דאָס פֿאַרטעכל! די נייע שיך! אוי, טו מיר די האָר מיטן קעמל אַ גלעט, גיכער! אוי, איך זאָל נאָר נישט קומען צו־שפּעט!...

# אָראַנזשאַנער וואַלד

אין סאַן קאַרלאָס פון באַרילאָטשע
וווּ ס׳איז ווינטער פראָסטיק-קאַלט —
ס׳פאַלט אַ שניי, ס׳ווערט אייז דאָס וואַסער, —
איז פאַראַן אַ וווּנדערלאַנד.

ס׳איז דער וואַלד פון „אַראַנזשאַנען"
ביימער, ביימער אָן אַ שיעור,
גרין די בלעטער, ווייס די צווייטן
און די שטאַמען — זונקאָליר...

וווּ מען זאָל אין וואַלד נישט שפּאַנען
אַראַנזשאַנען זעט מען נאָר.
נישט מ׳זעט דאָרט, עס זאָל וואַקסן
איין בוים — פון אַן אַנדער סאָרט.

טאָמער שפּראָצט אַרויס אַ ביימל,
עפּעס פון אַ נייעם מין,
— אפשר, האָט אַ זוים פאַרבלאָנדזשעט
פון אַן אַנדער וואַלד אַהין?

נעמען זיי אים שלאָגן שטויסן:
— אונדזער ערד איז דאָ, אַרויס!
ביז דעם נייעם פרעמדן שפּראָצלינג
מיט די וואָרצלען גראָבן אויס...

קוקט מען אויף די שיינעביימער,
גייענדיק אין וואַלד אַריין
און מען טראַכט זיך: — ווער וואָלט גלייבן —
אַזוי שלעכט, זיי זאָלן זיין?!...

— 2 —

וואַקסן זיי די אַראַנזשאַנען
צווישן זיך משפּחה-ווייז.
טאַטעס מאַמעס מיט די קינדער
איינס לעם אַנדערן אין קרייז.

צווייגן פלעכטן זיך איניינעם
אַלע אין איין קרוין אַרויף,
און אַפילו אויף די שטאַמען
אונטן — טוליען זיך צונויף.

שעהן, שעהן קען מען אָפּגיין
אינעם וואַלד אויף אַ שפּאַציר,
נישט עס טוט אַ צווייג — אַ ציטער
נישט אַ בלעטעלע — אַ ריר.

קליינע, גרויסע, ביימער-ריזן,
אַלע, אַלע שווייגן שטיל.
אויך אין מיטן טאָג פון זומער
איז דאָרט טונקל פריש און קיל.

אַ קליין בלעטעלע אַ פּיצל,
— ווייזט אויס אויפגעשפּראָצט אַצינד,
רירט אָן שטיל אַ גרעסער בלעטל,
ווי דער מאַמעס באַק — אַ קינד.

און איר אויג איז פול מיט חידוש
רינד אַרום, פון ברעג ביז ברעג.

ווייזט אויס, אַז אויף אונדז, די מענטשן
אויף איר בלאַט-לשון זי פרעגט:

„מאַמינקע, זאָג ס'אַראַביימער
זענען זיי? ווער זאָל דאָס זיין?
אַזאַ מישמאַש פון קאָלירן,
אויף אַן אָרט מ'שטייט נישט איין?"

לאַכן בינטעלעך ווייסע צוויטן
פון דער קליינער בלעטלס רייד,
לאַכן אַזש אויף דר'ערד זיי פאַלן
זיך צעשיטן — שטומערהייט...

בליקן ערנסט גרויסע בלעטער,
נישט מ'טוט אַ ברעם — אַ צוק.
נישט עס הייבט זיי אָן צו אַרן
אַז מען קוקט אויף זיי — קוקט! קוקט!...

נאָר דאָס וואונדער איבער וואונדער
אין דעם אַראַזשאַנען-וואַלד;
שטאַמען צווייגן זון-קאָליריק
און — ווי אייז — זיי זענען קאַלט!...

# „אַמאַנקאַי״

נישט אויף בייטן אין אַ גאָרטן
נישט געפּלעגט פון הענט געטריי,
נאָר אויף ווייטע ווילדע וועגן
בליען בלומען „אַמאַנקאַי״.

ניט מען זייט זיי, ניט מען פלאַנצט זיי,
גייען אויף אַליין זיך פריי,
אין דער הויך און אין דער נידער
צווישן פעלדזן: אַמאַנקאַי.

דער קאָליר איז: זון אין אויפגאַנג
גלייכע בלעטלעך דריי מאָל דריי,
אויף אַ דאַרן דינעם שטענדל
פון אַ קוסט פלאַמט אַמאַנקאַי.

נישט קיין פייער פון אַ שׂרפה,
ס׳ברענט און ברענט און סיי-ווי-סיי
בלענדט אויף אַלעמאָל אַנטקעגן,
פּורפּור-גאָלדיק אַמאַנקאַי.

אויפן וועג צום „טראַנאַדאָר״-באַרג,
ווער עס פאָרט נאָר דאָרט פאַרביי,
מיט דער זון אויף אירע ליפּן
גריסט אַיעדן אַמאַנקאַי.

— שרעקט זיך נישט פאַר שאַרפע הויכן
פאָרט אַרויף-צו! ס׳איז כדאי!
פאַרזיכטיק מיט די זיג-זאַגן!
שמייכלט ליכטיק אַמאַנקאַי.

הייבט אַ שטויב זיך אויף די וועגן
גרוי ווי דין צעמאָלן בליַי.
נאָר ס׳טוט אַלע וייל אַ פינקל
ס׳רויטע גאָלד פון „אַמאַנקאַי״.

„קאָהועס״ די ריזןביימער
לעכצן נאָך אַ רעגן שפּריי,
ס׳דורשטן בלעטער מיד פאַרחלשט;
פריש איז נאָר די „אַמאַנקאַי״.

קוקט אַרויף אין בלויען חלום
„נאַהועל הואַפּי״: אָך, הלוואי!
זאָל אַרום מיין ברעג דעם גאַנצן
תמיד בליען אַמאַנקאַי!

ביסט דער טרוים פון אַ לעגענדע
יעדן יאָר ווערסט וואָר פונסניי:
בלום פון אַרגענטינער דרום, —
וונדער-שיינע אַמאַנקאַי!

# קייטנבאַן

(ביים „סעראָ קאַטעדראַל" פון באַרילאָטשע)

— זעט נאָר! אינדערלופטן דאָרט
אַ קליין באַנעלע עס פאָרט!
אויף צוויי קייטן גראָב און שטאַרק
פאָרט אַרויף, אַרויף צום באַרג:
— איבער טיפן טאָל קאַנאַל —
צו דעם „סעראָ קאַטעדראַל".

דאַכט זיך, מאָדנע ווי עס הענגט!
קילאָמעטערס דריי די לענג
ציען זיך די קאַבל-שטריק,
אויף אַהין און אויף צוריק,
גליטשט זיך באַנעלע אויף זיי
בלויז אויף די קאַנאַטן צוויי.

ווער פון אונטן קוקט עס אָן
פונדערווייטנס, מיינען קאָן,
אַז אָט דער „קאַבלע קאַריל"
איז אַ שאַכטעלע, אַ שפּיל
פון אַ מעשהלע אַרויס;
אַזוי קליינטשיק זעט עס אויס.

אויסגערונדיקט, גלאַט און פיין
און מיר גייען דאָך אַריין

אין דעם פּיצעלע וואַגאָן
דוכט זיך — זיבעצן פּערזאָן,
ווער אויף אונטן טוט אַ קוק
ווערט פון שרעק אים אַזש נישט גוט...

און אָט טוט אַ קייט אַ קריץ
שוין! מיר פאָרן שוין צום שפּיץ
באַרג וואָס הייסט „דער קאַטעדראַל”
העכער, העכער וואָס אַמאָל
ווערט מען צו דער הייך געוווינט

און אַ יעדער קוקט און שטוינט:
ביימער, ביימלעך אָן אַ צאָל,
קלעטערן אַרויף פון טאָל
און זיי בלייבן פּלוצים שטיין,
קענען נעבעך מער נישט גיין

כאָטש דער באַרג איז נישט פאַרצאַמט:
ס׳ליגן שטיינער בלויז אין זאַמד...
און זיי קוקן ווי עס לויפט
אונדזער באַנעלע אַרויף

קוקן נאָך מיט באַנג און צער:
— בלויז מיר בלייבן דאָ פאַרשפּאַרט,
אויך מיר וואָלטן וועלן ווען
אונדזער באַרג, זיין שפּיץ דערזען!...

# עלטער־עלטער־זיידע בוים

צווישן טשילע-אַרגענטינע
אין אַ בערגלדיקן וואַלד
שטייט אַן עלטער עלטער זיידע:
ווייסט איר וויפל ער איז אַלט?

איבער אַלע אַלע קרוינען
זיינע צווייגן אויסגעשפּרייט
ווי דער עלטסטער פון די ביימער
זיי באַשיצן איז ער גרייט.

ווער עס פאָרט אויף יענע וועגן
אויף באַוואונדער שטעלט זיך אָפּ
און מען הייבט אַרויף די אויגן:
— זעט! ווי הויך עס גרייכט זיין קאָפּ!

און זיין שטאַם איז אַזאַ דיקער
ווער ווייסט אויב מען וואָלט געקענט,
רונד אַרום — אים, אַרומפלעכטן
אפשר מיט אַ צען פּאָר הענט?...

קוקט מען, קוקט מען און מען לייענט
אויף אַ שילדל פון מעטאַל
— אָנגעהאַנגען אויבן אָן איז
אויף זיין ברוסט ווי אַ מעדאַל:

„הויך כ׳בין צוויי און פערציק מעטער,
— רעדט דער בוים צו יעדנס בליק —
„דריי אַ האַלבן אין דיאַמעטער
„פינף און פערציק אין קוביק

„און זעקס הונדערט זעכציק יאָר שוין
„טרינק איך רעגן, טוי און ליכט״...
טוליען זיך צו זיינע צווייגן
ביימער, ביימעלעך געדיכט.

און זיי בעטן זיך: דערציייל אונדז
דו געדענקסט דאָך אַזויפיל:
פון „אַמאָל, אַמאָל געווען איז״...
מירן שווייגן, שטיין זיך שטיל.

און אַרויף זיי קוקן קוקן
צו די בלעטער פון זיין קרוין:
— נאָך! נאָך מעשהלעך דערצייל אונדז
עלטער-עלטער-זיידע בוים!

# וואַסערפאַל

שטעל איך זיך אַוועק אַנטקעגן,
אָפּגערוקט פון וואַסער ברעגן
אפשר, כ'ווייס ? — אַ מעטער צען.
און פּאַר שרעק פאַרפלאָכטן האַלט איך
אַרום שטאַם, פון בוים, דעם אַלטן
שטייפער — מיינע ביידע הענט.

זע איך, ווי די שטראָמען פליען,
יעדער איינער וויל וואָס פריער
טאָן אַ שפרונג אַראָפּ אין טאָל —
און זיי קנוילן זיך צוזאַמען
שיסן אויס מיט ווייסע פלאַמען —
ברענען אַלע מיטאַמאָל...

זעצט אַרויס אַ ווייסער פלאַקער
און די פייער צונגען קנאַקן
אַז סע שפריצט אַ ווייסער רויך:
פון אַ ווייסבארג, שפּיציק-שאַרפן
קאָפּ-אַראָפּ, אין תהום זיך וואַרפן
זיילן ווייסע פון דער הויך

און נאָך כוואַליעס לויפן, לויפן
צו דער שרפה — אָן אַן אויפהער
מיט אַן אימפּעט, אַ צעברויז.
ס'איז פון שמחה, צי פון צאָרן ?

ס׳איז דאָך גאָר אַ ווייסער דאָרן!
ברענט און ברענט — און ברענט ניט אויס?!

העי! העי! הילכן פרייד-געשרייען,
און עס דרייען זיך און דרייען
אין אַ ווילדן ווייסן טאַנץ.
הונדערט! טויזנט ווייסע ריזן,
מיט די נייע בלאַנקע שפּיזן
פעכטן זיך אַרום אין קראַנץ.

— האָ-האָ-האָ-האָך! שוים געלעכטער
שפּריצט פונאַנדער פון די פעכטער
מיט אַ רוישיק פליעסקעריי
קנאַלן די קרישטאָל-באַקאַלן
און אויף פונקען זיך צעפאַלן
בלענדיק ווייסער פאָרצעליי...

ווי פון כלערליי כלי-זמר
אַ געשאַל אויף אַלע טענער
גרילץ און קנאַל, עס קוואַלט און קוועלט:
פּויק און באַראַבאַן און טאַצן —
בום-בום! טש-טאַ-ראַראַך! עס פּלאַצן
אַלע כלים פון דער וועלט...

— — — — — — — — — — — — —

וואַרט איך, לאָמיר זען און הערן
ביז ער וועט פאַרמאַטערט ווערן
אָט דער וואַסערפאַל, געוואַלד!
וויפל צייט קען אַזוי שפּרינגען
וואַרפן זיך מיט רעדער-רינגען
נאָכאַנאַנד, אַ וואַסערפאַל?!!!

# רעגנטאַנץ

**(קינדער־טראָפּנס ליגן זיך און וויגן זיך אין ווייסע וואָלקנדלעך)**

קינדערטראָפּנס:

מיר, די וואַסער-טראָפּנס ליגן
אין די ווייכע ווייסע וויגן,
וויגן מיר זיך אָט אַזוי;
יאָ אַ דרימל, נישט אַ דרימל,
איַי, ווי גוט איז אויפן הימל,
אויפן הימל ליכטיק בלוי...

רעפריין:

וויגן מיר זיך אָט אַזוי,
אויפן הימל ליכטיק בלוי.

ביימעלעך:

רעגן! רעגן! קום שוין שנעלער,
מיר די ביימלעך ווערן געלער
פון די היצן, געל און גרוי...

בלומען:

מיר, די בלומען, ווערן טרוקן,
אויפן הימל קוקן, קוקן:
— אוי! עס פאַלן בלעטעלעך אוי!

רעפריין:

פון די היצן געל און גרוי.

בלומען:

אוי! עס פאַלן בלעטעלעך, אוי!...

אַ טראָפּן:

שוין געגוג זיך דאָ געלעגן!

אַ צווייטער:

— ביימעלעך, בלומען בעטן: רעגן!...

עטלעכע:

— לאָמיר אויף דער ערד אַראָפּ!
ווי זיי ליידן פון די היצן!
לאָמיר גיכער נעמען שפּריצן:
טריפּ־טריפּ־טראָפּ! טריפּ־טריפּ־טראָפּ!...

אַלע טראָפּנס:

אַלע אויף דער ערד אַראָפּ,
טריפּ־טריפּ־טראָפּ! טריפּ־טריפּ־טראָפּ!...

ביימעלעך:

— איי, ווי גוט דעם אָטעם ציען!

בלומען:

— אָ! מיר נעמען ווידער בליען:

אינאיינעם:

— אַך! ס'איז וווּנדערלעך אַזוי!

טראָפּנס:

נאַט אייך! נאַט אייך! נאָך, נאָך רעגן,
שפּריצן מיר פאַר אייערטוועגן:
וואַסער־טראָפּנס פריש ווי טוי.

ביימל און בלומען:

— טרינקען, שלינגען מיר אַזוי,
וואַסער־טראָפּנס פריש ווי טוי.

טראַפּנס:

— אויף די רעגן-פּיסלעך טאַנצן
ביז מיר טרינקען אָן אינגאַנצן
פון די שפּיצן ביז אַראָפּ,
מיט די ביימעלעך און בלומען
אַלע זיך אַרומגענומען,
אָט אַזוי אָ, קאָפּ צו קאָפּ.

אַלע:

טאַנצן, טאַנצן קאָפּ צו קאָפּ,
מיטן רעגן: טריפּ-טריפּ-טראָפּ,
טריפּ-טריפּ-טראָפּ...

# מאַמעלעך אין „פּלאַסע״

אַ מיידעלע:

— נעבעך, נעבעך — קוק עס אָן נאָר,
ווי מיין טעכטערל זעט אויס,
וואָס איך עס אַליין, גיב איך איר אויך
און זי וואַקסט ניט, ווערט ניט גרויס!...

אַ צווייטע:

— מיינער טו איך אויס דאָס קליידל
און אַביסעלע געדוט!
זאָל זי נעמען אַ — זון-בעדל
ס׳וועט געוויס איר מאַכן גוט!

אַ דריטע:

(קייט, איר ליאַלקע איז אַ דיקע...)
— ס׳איז אין „פּלאַסע״ אַ מחיה,
קריגט מען דאָ אַן אַפּעטיט!
מיינע איז דאָ אויסגעוואַקסן,
אַלע טאָג איך נעם זי מיט.

אַ פערטע:

— מיינער כ׳קאָרמע מיט אַ לעפל,
גלייך אין מיילעכל איך שטופּ.
כ׳גיב איר קאַשקעלעך געדיכטע,
האָט ניט ליב קיין שיטער זופּ...

אַ פינפטע:

— וואָס איך גיב איר, וואָס איך פרעג איר,

אוי, איך ווייס שוין ניט אַליין
האַלט דאָס מיילעכל פאַרשלאָסן
דרייט דאָס קעפּל: ניין און ניין!...

אַ זעקסטע:

— ניט איך בעט איר, ניט איך פרעג איר,
מיינע עסט אַלץ וואָס איך מאַך.
טאָמער מאַכט זי מיר אַ מינע,
קער איך איבער און — טשאַך-טשאַך!...

אַ זיבעטע:

— מיינע שלאָפט מיט מיר אין בעטל,
אָט אַזוי-אָ, ביי מיין זייט
זי איז אַ גוטינקע, אַ שטילע,
אָ, זי וואַקסט ביי מיר אַ לייט!...

אַן אַכטע:

— ש-ש-ש, דאָס קיד איז איינגעשלאָפן,

אַ צווייטע:

— מיינע אויך,

אַ דריטע:

— און מיינע אויך.

עטלעכע:

— ש-ש-ש! שווייגן, אַלע שווייגן,
ש-ש-ש, ניט ריידן הויך,

איינע:

— לאָמיר איצטער גאָר, זיך שפּילן,

אַ צווייטע:

— נאָר אָן טומל, אָן געשריי,
(גייען אויף די שפּיץ פינגער)
אָט אַזוי-אָ, גיין פּאַמעלעך
ש-ש-ש, ניט וועקן זיי...
(שפּילן זיך ביים זאמד)

איינע:

— זעט אַ טורעם כ'האָב געמאַכט דאָ
זעט ס'אַ פעסטער און ווי הויך!

אַ צווייטע:

— זעט דאָ מיינער איז נאָך ברייטער,

אַ דריטע:

— מיינער אויך, און מיינער אויך!

די ערשטע:

— אָבער מיינער איז דער העכסטער,
פונקט ווי אונדזער אָבעליסק!
דער וואָס שטייט אין סאַמע צענטער.

(אַ מיידעלע לויפט צו, טוט אַ שטויס און ס'צעשיט זיך)

— כאַ-כאַ-כאַ-כאַ, — זע דיין ריז!

(עטלעכע טוען זיך אַ לאָז צו איר)

— שלעכטע! שלעכטע! ביסט אַ שלעכטע!
אַזאַ טורעם וואַרפט מען איין?

(אַ פּאָר ליאַלקעס וויינען זיך פונאַנדער...)

איינע:

אוי, די קינדערלעך זיי וויינען,

(לויפן צו, כאַפּן זיי אַרויס פון די וועגעלעך און טוליען צו זיך)

— טייערס, מיר פאַר דיר זאָל זיין!...
נעבעך, אויפגעוועקט דאָס קינד מיר,
שלאָף אַ ביסעלע נאָך, — פּרווו!

(מ'הערט פונדערווייטנס די מאַמעס רופן די קינדער):

— עטעלע! פּערעלע! זיסעלע, קום!

(זיי לאָזן זיך מיט די ליאַלקעס אַהיים)

די מאַמע רופט, די מאַמע רופט,
די מאַמע רופט!...

# טאָפּעלע טוטעריטו טראָגט שלח־מנות

קינדער:

— ווער ביסטן קליין, דאַר יינגעלע,
פונוואַנען קומסטו אָן?

קאָפּעלע:

— פון שלום עליכמס מעשהלע,
איר קענט זי דאָך: „די פאָן".

אַ קינד:

— ביסט קאָפּעלע קוקעריקו? יאָ?
געלייענט כ'האָב דאָס בוך.

קאָפּעלע:

— ניין, טאָפּעלע... כ„טען נישט זאָדן:
אַ „דימל", נישט אַ „טוף"...

אַ קינד:

— ווי אַנדערש זעסטו אויס! נישט ווי —
אַן אונדזעריקער יאַט —

קאָפּעל'ע:

— אָ קינדערלעך, צי האָב איך ווען
זיך אָנגעגעסן זאַט?!...

אַ קינד:

— אַוודאי האָט צום ווייַסן ברויט
געפעלט דיר עפּעס נאָך?

קאַפּעלע:

— אָ, קינדער! ס'איז דאָך בולקע!

עסט איר ד אָ ס אינמיטן וואָך?'

אַ קינד:

מיר ווייסן דאָ, אַז ברויט אַליין

איז אָט, אַזוי זיך סתם —

קאַפּעלע:

— אוי, קינדערלעך, וואָס רעדט איר? אוי!

(פּרוווט אַ ביס טאָן)

עס איז דאָך מלא טעם!...

אַ קינד:

— וואָס האַלטסטו אויפן טעלערל

דאָ טאָפּעלע פאַרדעקט?

קאַפּעלע:

— דעשמאַטע המן-טאַשעלעך

און פלאָדן, ווי עס שמעקט!...

אַ קינד:

— איז וואָס-זשע איילסטו זיך דערמיט

אַזוי אַצינד? נו, זאָג!

קאַפּעלע:

— היינט איז דאָך יום-טוב פּורים

שלח-מנות איך צעטראָג.

אַ קינד:

— דו קנעטסט אַ באָרוועסער די בלאָטע

גליטשיק, קאַלט און נאַס —

קאַפּעלע:

— אָ, טינדעלעך, מיט פרייד איך שפּרינג

אַרום פון דאַס צו דאַס...

אַ קינד:
— דו לויפסט פון שטוב צו שטוב אַזוי,
און ס׳ציט דער טאָג זיך לאַנג?...

קאַפּעלע:
— די באַלעבאַטים שענטען מיר
אַ דראָשן פֿאַרן דאַנק...

אַ קינד:
— אָ טאָפּעלע, אַזאַ פֿאַרדינסט,
נישט גרינג עס קומט דיר אָן...

קאַפּעלע:
— כ׳וועל טויפן פֿאַרן פורים-דעלט
אַ שמחת-תורה פֿאָן!...

# מאַמע קאַטשקע

מאַמע קאַטשקע:

— טאָג און נאַכט געזעסן
אין מיין נעסט אַליין,
איצטער גיב איך עסן
קינדער אַזוי שיין.

(אַלע, צוויי מאָל)

— קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ עסן,
קינדער אַזוי שיין.

קאַטשקע:

— קינדער ליכטיק העלע
אויפגעגנייט האָב איך,
נייע קליידער געלע
און אויך רויטע שיך.

אַלע:

— קוואַ-קוואַ, קליידער געלע
און אויך רויטע שיך.

קאַטשקע;

— איצט וועל איך אייך ווייזן;
דרייט זיך הין און הער!
ווי מען הייבט אָן שפּרייזן:
אַך-אַך-אַך ווי שווער!

אַלע (שפּרייזן):

— קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ שפּרייזן
אַך-אַך-אַך, ווי שווער!

קאַטשקע:
פליגל ברייט צעציען
פאַך אַראָפּ, אַרויף,
אין אַ שורה פליען
מיר איבערן הויף.

אַלע (פליִען):
— קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ פליען
מיר איבערן הויף.

קאַטשקע;
— שטייט אַ ווײַלע קינדער,
אַלע, אַלע גלײַך,
אָט אַזוי אַצינדער
שווימען מיר אין טײַך.

אַלע:
— קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ אַצינדער
שווימען מיר אין טײַך.

קאַטשקע;
— איצטער ניט געלאָפן
גייט זיך טריט ביי טריט,
לייגט זיך אַלע שלאָפן,
קוואַ! מיר זענען מיד.

אַלע:
— קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ שלאָפן,
קוואַ, מיר זענען מיד,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ שלאָפן,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ־קוואַ.

# ווייסינקע צוויי

— אויף אַ הויף, אונטער צווייגן
פון אַ בוים, פול מיט פייגן,
שטייט זיך אַ שטייגל
מיט ווייסינקע הינדעלעך צוויי.

— קוואָ-וויי! קוואָ-וויי!
הער איך כסדר
די הינדעלעך די צוויי
זיך באַקלאָגן אַלעמאָל
מיט אַ טרויעריקן קול.

— קוואָ-וויי! קוואָ-וויי!
ס׳איז אונדז אומעטיק אַזוי,
שוין געזעסן אין קעסטל
אויפן בינטעלע שטרוי,
שוין געלייגט אַן איי,
קוואָ-וויי!
אַצינד וואָס וועלן מיר טאָן?

אוןביידע ווייסינקע קוקן זיך אָן
זיי הייבן די ברעמען אַרויף,
און זשמורען די אויגן צונויף
ווי זיי וואָלטן אין די קעפּלעך אַריין —
און עס דוכט זיך אויס זיי שלאָפן איין —

שטייענדיקערהייט,
אינעם גרויסן שטייג — זאַלבעצווייט...

מיטאַמאָל,
טוט איינע דאָס קעפּל אַ בויג,
עפּנט אויף אַ שפּעלטעלע שמאָל
און באַלד דאָס גאַנצע אויג
און אַ קרעכץ אַרויס:
קוואַ-אַ! קוואַ-אַ!

טוט איר די צווייטע נאָך
און מיט די פליגל אַ פּאָך:
— קוואַ-אַ!
ווי לאַנגווייליק איז אונדז דאָ.
די שטייג איז אַזוי געראַם און גרויס
און עס פעלט קיינמאָל נישט אויס
נישט קיין קערנער און נישט קיין ברויט.
אין בלעכל טיף און ברייט
פרישע וואַסער שטענדיק גרייט,
מיר ווייסן דאָ נישט קיינמאָל
חלילה פון קיין נויט.

איז וואָס-זשע וואָלט עס אונדז געאַרט
ווען נאָך אַ פּאָר פּיסלעך
וואָלטן דאָ זיך אַרומגעשאַרט?
און נאָך אַ שנאָבל וואָלט געפּיקט...
— קוואַ-אַ, סאַראַ גליק!
ווי פריילעך עס וואָלט אונדז
געוואָרן דערפון,
כאָטש נאָך איין הון!
ווען מיר האָבן מיט אונדז דאָ.
אַז עסן — איז איבערגענוג פאַראַן
עס פאַלט אַזש אַרויס

און די שטייג איז אַזוי געראַם
לופטיק און גרויס
און מירביידינקע בלויז
ווייסינקע צוויי.

**
*

און אין אַ טאָג, האָט צו זיי
דער בעל-הבית —
אַ נייע הון אַריינגעלאָזט
פון טונקעלן קאָליר
מיט פעדערלעך פוכיקע
ווי שוואַרצע קניפּלעך אָן אַ שיעור.
האָבן ביידע ווייסע מיטאַמאָל
מיטן העכסטן היגערקול
זיך אַ וואָרף געטאָן אויף איר
און מיט די שנאָבלען — אַ פּיק:
— קוואָ-אָ! קוואָ-אָ!
וואָס טוסטו דאָ?
אין אונדזער שטייג
אונטער די צווייגן
פולע מיט פייגן
פרעמדע, טונקעלע, דו?!!!

און ביידע ווייסינקע שטופּן איר צו
אין ווינקל, צו דער וואַנט,
פּיקן און פּיקן אין קאָפּ נאָכאַנאַנד,
פּיק און פליק! טיף אַריין אין איר הויט —
ביז ס'ווערן דער טונקעלערס פעדערלעך רויט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

שוין!...
די ווייסינקע זענען שוין ווידער אַליין.
איינס נעבן דער אַנדערער

זע איך זיי שטײַן
און זיי קוואַקען אומעטיק אַזוי:
קוואַ-אוי! קוואַ-אוי!...

קוק איך אויף זיי
און ניט איך פֿאַרשטײ
אָט-אָ די הינדעלעך ווײַסינקע די צווײ.

# „געשטויגן און געפלויגן"

זינגען מיט דער מעלאָדיע:
„דאָס איז אמת"...

ס'איז אַ װוּנדער — און דאָס איז
„געשטויגן און געפלויגן"...
יעדער איינער קאָן עס היינט
זען מיט זיינע אויגן!

רעפריין:
דאָס איז אמת! דאָס איז אמת!
אויף אַן אמת ס'איז געשען.
דאָס איז אמת! דאָס איז אמת!
איך האָב דאָס אין צירק געזען!...

רעפריין:
פון די שטייגן לייבעכעס
שפּרינגען פייל פון בויגן,
צו די מענטשן פון אַרום
מיט די קעפּ זיך נויגן...

רעפריין:
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת...

שפּרייזן העלפאַנטן אין ריי
געקניפּטע נאָז צו װוידל;

מיט אַ שטעקעלע אין האַנט
פירט זיי אָן אַ מיידל...

רעפריין:
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת...

מיט די פיס אַרויף עס שטייט
קאָפּ אַראָפּ — אַ שפרינגער,
שפּאַרט זיך אָן נאָר אויף אַ לאָמפּ, —
האַלט זיך אויף אַ פינגער...

רעפריין:
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת...

גייט ער, שטייט ער אויף אַ דראָט,
הויך, — ווי איבער טאָלן;
מיט איין פוס וואַרפט אויף זיין קאָפּ
טעפּעלעך און שאָלן...

רעפריין:
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת...

אויפן רוקן פון אַ בער
שפרינגט אַזאַ געזינדל,
קונצן מאַכן זאַלבעדריט:
מאַלפּע, הונט און הינדל...

רעפריין:
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת...

רייט אַ רייטער און דאָס פערד
שטאָלץ און ריטמיש שפּאַנט ער,

הייבט די פיס לויט דער מוזיק,
טאַנצט אַן עלעגאַנטער.

רעפריין:
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת...

און די מיידלעך טענצערנס
זענען ווי אָן ביינער;
מענטש און חיה דאָרט באַווייזט
וואונדער יעדער איינער!

רעפריין:
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת!
אויף אַן אמת ס׳איז געשען!
דאָס איז אמת, דאָס איז אמת!
איך האָב דאָס אין צירק געזען...

# חנוכה־דריידל

נון:

— נו, וואָס זאָגט איר קינדער, וואָס?
ווער איז דאָ דער ערשטער אות
פונעם דריידל? איך! דער נון!
וואָס־זשע לערנט איר דערפון?
קינדער, קיינמאָל ניט פאַרגעסט:
איך בין פון חנוכה דער נס!

גימל (טוט אים אַ שטויס):

— גיי שוי גיי! נו זאָגט אַליין
צו באַרימען זיך איז שיין?
ס׳פּאַסט נישט פאַר אַן אות אַ לייט.
גימל, ווייסט איר וואָס ס׳באַדייט
נאָר בסוד איך זאָג אייך אויס:
גימל גדול, איך בין גרויס!...

ה (טוט אַ שטויס דעם גימל מיטן נון):

העי! וואָס זאָגט מען ניט צו זיי?
ווער איז גרעסער פון דער ה?
כ׳האָב אַליין דעם נס געזען
ה — היה, דערביי געווען!

שין:

ש — שאַ! און ווער איך בין?
קוקט מיך אָן, איך בין די שין!

שין איז שם, אויף יענעם אָרט,
אונדזער יום-טוב שטאַמט פון דאָרט!

פ (לויפט אריין, טוט אַ שטויס דעם שין):
— שין אַוועק! דו ביסט נאָך דאָ?
אויף דיין אָרט איך קום, פ: פה.
פה, דאָ, ווערט פאַר אונדזער צייט
יום-טוב חנוכה באַנייט!

נון (פלעכט צונויף אַלעמענס הענט אינמיטן די פ):
גימל, הה, שין, פה, מען ווייסט:
ס'איז איין גאַנצער אלף-בית!...

איינער:
איינער איז נאָר קוים אַן אות

אַלע:
— אַלע זענען מיר דער נס!

איינער:
דעמאָלט, איצט, ס'איז דאָך איין קייט
פון דאָרט און דאָ, נו דרייט זיך דרייט!!!

אַלע:
— אַלע, אַלע גיך-גיך-גיך
אינעם דריידל דרייען זיך.
איינגעפלאָכטן האַנט אין האַנט,
אונדזער פאָלק און אונדזער לאַנד!
פריי פון גלות, פריי פון פיינט,
יום-טוב חנוכה איז היינט!!!

# אַ מאָדנע זאַך

— מאַמעלע, ס׳אַ מאָדנע זאַך,
אָט איך קוק זיך איין און טראַכט:
ס׳האָט דער בוים איין שטאַם נאָר בלויז,
און אַזויפיל צווייגעלעך האַלט ער אויס!
אָט דער איינשטאַם און איך קלער:
ווי וואָלט זיין, ווען ס׳איז פאַרקערט?...

וואָלטן צווייגן אויך געקענט
האַלטן אים אויף זייערע הענט?
אַלע, אַלינקע צעזאַם
זייער איין און איינציקן שטאַם?
איך מיין, ווען זיי ווערן גרויס. —
האָסט שוין ווען געזען אַזוינס?...

און די מאַמע טוט אַ לאַך:
— יאָ מיין קינד, סאַ׳גוטע זאַך,
וואָס דו קוקסט זיך צו און טראַכסט —
לערנען וועסטו דערפון אַ סך!...

# זינג יִידיש

זינגען מיט דער מעלאָדיע פון
„זינג מיר אַ לידעלע"...

ל ע ר ע ר :

חיימל, זינג מיר אַ לידעלע
וואָס דו ווילסט אַליין?

ח יי מ ל :

פון מיין טאַטע-מאַמע זינגען
וויל איך, אַז די וועלט זאָל קלינגען!...

ל ע ר ע ר :

זינג, חיימל, זינג!
דו זינגסט דאָך אַזוי שיין!
עס קלינגט דאָך מלא חן...

ל ע ר ע ר :

חיימל, חיימל...

ח יי מ ל :

פון מיין באָבען, פון מיין זיידן,
אוי! ווי איך האָב ליב זיי ביידן!

זינג, חיימל, זינג...

ל ע ר ע ר :

**חיימל, חיימל...**

ח יי מ ל :

**פון מיין באָבע-זיידנס פריידן**
**ווען די אייניקלעך יידיש ריידן!...**

**זינג, חיימל, זינג...**

ל ע ר ע ר :

**חיימל, חיימל...**

ח יי מ ל :

**פון דער שולע, פון די לערער,**
**וואָס זיי לערנען יידיש מערער!...**

**זינג, חיימל, זינג...**

ל ע ר ע ר :

**חיימל, חיימל...**

ח יי מ ל :

**פון די קינדערלעך וואָס ווילן**
**זיך מיט מיר אויף יידיש שפּילן!...**

**זינג, חיימל, זינג...**

ח יי מ ל :

**כ׳הער מיין לידעלע אַצינדער**
**זינגען אַלע יידישע קינדער!**
**זינגט קינדערלעך, זינגט,**
**איר זינגט דאָך אַזוי שיין**
**יידיש מלא חן!...**

# ווי שירעמלעך

שיין גייען קליינע מיידעלעך,
די פעלדעלעך צעווייט,
עס בלאָזן זיך די קליידעלעך
ווי שירעמלעך צעשפּרייט.

ס'אַ קורצינקע, ס'אַ פּיצעלעך!
אַ רייפעלע נאָר בלויז
און ס'לאַכן ווייסע שפּיצעלעך
ווי ציינדעלעך אַרויס

עס קייקלט זיך אַ ווינטעלע,
ער דרייט זיך אין דער ברייט,
אַ הייב טוט נאָר אַ קווינטעלע
אַ שירעמל וואָס גייט...

אָט לויפן זיי, און יאָגן זיך
און — ווער איז גלייך צו זיי,
די שירעמלעך וואָס טראָגן זיך
אויף פיסעלעך די צוויי?!

# בלימעלע

שמייכלט בלימעלע מיט חן:
— קוק מיך אָן און זאָג אַליין —
אין קיין קראָמען לויף איך ניט,
און קיין שטאָפן קויף איך ניט,
ניט געמאָסטן, ניט גענייט,
כ׳האָב מיין קליידעלע שוין גרייט,
— כ׳קום מיט איר אַרויס אַהער —
אַ געשאַנק פון מאַמע-ערד!

און די מאָס איז פונקט פאַר מיר!
דער קאָליר און דער באַציר
צו מיין פנים צוגעפּאַסט!
ווער עס גייט פאַרביי די גאַס
מיט באַוווּנדער קוקט מיך אָן:
— זעט ווי שיין ס׳איז אָנגעטאָן,
שטענדיק אויסגעפּוצט אַזוי!...
אין פרימאָרגן טרינק איך טוי
און איך נעם זיך פאָרציעס זון.
וואַקס איך שיין געזונט דערפון
און מיין נאָמען איז, איר ווייסט?
— בלימעלע, איך הייס!...

# איציקל-שרהלע

**זינגען מיט דער מעלאָדיע פון „געווען איז אַ פּראַש אין אַ גרין סאַמעט קלייד"**

איציקל:

קום שרהלע שפּילן זיך, קום, זיי נישט פויל!
לאַ-לאַ! לאַ-לאַ!
וועסט קריגן אַ זאַך וואָס געשמאַק איז און וויל
אַ צוקערל-זיס וואָס צעגייט זיך אין מויל
לאַ-לאַ! לאַ-לאַ!

שרהלע:

ניין, איציקל, כ׳וויל נישט קיין צוקערל, ניין!
לאַ-לאַ! לאַ-לאַ!
אַ זאַך וואָס צעגייט זיך אין מיילעכל אַליין:
אַ קיי און אַ שלונג — און איך האָב עס נישט מיין!...
לאַ-לאַ! לאַ-לאַ!

איציקל:

קום שרהלע, קום שוין זיך שפּילן מיט מיר!
לאַ-לאַ! לאַ-לאַ!
שיינינקע צאַצקעס איך האָב, אָן אַ שיעור
וועסט אויסקלייבן איינס, וואָס געפעלן איז דיר...
לאַ-לאַ! לאַ-לאַ!

שרהלע:

און אַז איך וועל וועלן, אָט יענץ און אָט דאָס

לאַ-לאַ! לאַ-לאַ!

וועסט איציקל האָבן אויף מיר אַ פּאַדראָס?

איציקל:

וועסט נעמען זיך אַלצדינג!

וואָס אַרט עס מיר מיך, וואָס?

לאַ-לאַ! לאַ-לאַ!

איציקל:

איז גיב מיר דיין הענטעלע שרהלע, גיב!

לאַ-לאַ! לאַ-לאַ!

שרהלע:

און מיר גיב דיין הענטעלע, איציקל גיב!

איציקל-שרהלע:

ווי קינדערלעך גוטע וואָס האָבן זיך ליב!...

לאַ-לאַ! לאַ-לאַ!

# בערעלע

ניט פון סחורה, ניט פון פּאַפּיר,
אַן אמתן בערעלע האָבן מיר.
איז אָנגעטאָן ווי אַ בערעלע שיעור,
און ער קריכט אויף אַלע פיר.

אונדזער בערעלע איז ניט פויל,
האָט ער הענטעלעך שוואַרץ ווי קויל
פויזעט מיט זיי גיך-גיך-גיך,
כאָטש טו אָן אים צוויי פּאָר שיך...

טוט ער עמעצן אַ ביס,
איז דאָס אויכעט אַזוי זיס!
איצטער ווייסט איר שוין געוויס
בערעלע: מיין ברודערל איז!

# באַשעלע

באַשעלע האָט גרינע אויגן
לויכטן זיי אַזוי צעשטראַלט —
אַז אויף וואָס זי טוט אַ קוק נאָר
ווערט עס גרין צעפרילינגט באַלד...

פליט אַריין אַ יידיש ביכל
טוט אַ שפרונג אויף אירע הענט:
באַשעלע! ווי קאַלט ס'איז! ווינטער!
בר... בר... רר.. ס'אַ פראָסט, עס ברענט!

הילט איין באַשעלע די טאָוולען
אין אַ דיקן גלאַנץ פּאַפּיר,
און זי גלעט עס אויס מיט ליבשאַפט:
— ס'וועט דיר וואַרעם זיין ביי מיר...

מישט אויף באַשעלע אַ בלעטל
ווערט דאָרט פרילינג מיטאַמאָל:
יידישע דערפריידטע ווערטער
זיך צעזינגען אויף אַ קול...

און עס דרייען זיך די אותיות
אין איר פרילינג שיין אַריין;
— לייען באַשעלע, נאָך לייען!
ווו קאָן אונדז נאָך בעסער זיין?...

# מיין ברודערל

וויינט מיין ברודערל און שפּילט זיך
גוט איז אַלצדינג וואָס ער טוט,
ער פירט אויס אַלץ וואָס אים ווילט זיך:
ווייסט ער כאָטש ווי ס'איז אים גוט?

ווען און ווו ער וויל נאָר, עסט ער —
דאַרף ביים טיש ניט זיצן פיין,
אינמיטן דרינען גאָר פאַרגעסט ער
פרעגט ניט קיינעם און שלאָפט איין...

דאַרף צומאָל ניט גיין זיך לייגן
אויף אים שרייט מען ניט: ס'איז שפּעט!
ווען ער וויל, אינמיטן זייגן
ווערן מאַמעס הענט זיין בעט...

סאַראַ גוטן מזל האָט ער!
נאָר אַ שאָד — דערוויסן זיך
ווי ס'איז גוט אים איצטער — וועט ער
זיין אַ גרויסער שוין, ווי איך...

# שולמיתל

ווייסט איר ווּעמען קינדערלעך
אַצינד איך שטעל אייך פאָר?
טייבעלעס שולמיתל,
אַלט איז זי צוויי יאָר.

פערעלעך — די ציינדעלעך,
גלעקעלעך — די האָר,
אין בעקעלעך די חנדעלעך:
גריבעלעך אַ פּאָר.

פלוימען-אויגן, גרויס און שוואַרץ,
ליבשאַפט איז איר בליק
און זיי פילן אָן דאָס האַרץ
מיט געזאַנג פון גליק.

פון איר ראָזן מיילעכל
וואָס שמייכלט זאַפטיק זיס,
פולע ווערטער, רונדיקע —
קייקלען זיך ווי ניס.

יעדעס וואָרט, ווי לאַנג און שווער,
וואָס מ׳רעדט נאָר אויס,
וואָס שולמיתל דערהערט —
רעדט זי באַלד אַרויס.

פרעגט מען איר: — זיס מיידעלע
זאָג אין וואָסער קליידעלע
שפּאַצירן וואָלסט געוואָלט?
ברענגט זי אויף אירע הענטעלעך
קליידעלעך און מענטעלעך —
אַלע אירע זאַכן מיטאַמאָל...

# שטערנדלעך

עס וויינט דער קליינער בערעלע,
ער וויינט און הערט נישט אויף:
— אוי, מאַמעלע! די שטערנדלעך,
אוי! קלייב זיי מיר צונויף!...

— זע, בערעלע, דו וויינסט דאָך גלאַט,
זאָג, ווי זאָל איך אַרויף?
אַז וואָלט איך כאָטשבי דאָ געהאַט
אַ ווינדע אויפן הויף!...

— זע, מאַמעלע, דו כאַפּ זיך אָן,
אָט, אָן די פּאַסן ליכט...
דיך פירן אויפן הימל קאָן
לבנה-ווינדע גיך.

— איך האָב ניט קיין איין שטערן דאָ,
און דאָרטן — אַזויפיל!
אַ מאַמעלע קאָן אַלצדינג, יאָ!
די שטערנדלעך — איך וויל!!!

# שטיבעלע פון גלאָז

האָבן מיר אין אונדזער שול
אַ שטיבעלע פון גלאָז,
ביזן דאַך מיט וואַסער פול
מיט צווייגעלעך און גראָז.

מיט ברעקעלעך און שטעקעלעך
און שטיינדעלעך באַמאָלט.
מיט פליגעלעך און עקעלעך
פיר פישעלעך פון גאָלד.

שטעלן זיי זיך גאָרנישט אָפּ
און שווימען אַזוי גרינג;
אַ בלעטעלע אַ ריס אַראָפּ
אַ ברעקעלע אַ שלינג.

צעעפּנט זיך דאָס מייַלכעלע,
די פליגעלעך אַ בלאָז;
ווי שיין איז אונדזער טייַכעלע
אין שטיבעלע פון גלאָז!

# שו-שע-װעז, בו-שע-װען

— שו-שו, שאַ-שאַ, שטיל זאָל זיין!
טאַטע-מאַמע שלאָפן איין!
דרייט דער ווינט די אויערלעך
פון די קליינע ביימעלעך.

נאָר, זיי פאָלגן אים ניט מער.
שו-שו! שאַ-שאַ! הין און הער.
כי-כי-כיקען מיין און מיין!
אַז סע לאַכט זיך גאָר אַליין...

וועקן זיך און ווערן בייז
טאַטע-מאַמע ביימער גרויס,
אַויף די ביימעלעך אַ בלאָז:
„נישט אַ דרימל טאָן מע לאָזט!..."

ווערט דער ווינט אַזוי אין כעס
אַז מיט אימפעט כאַפט אַראָפּ
אַלע ריטער פון זיין פאַס,
טוט אַ שמיץ — און שמייסט זיי אָפּ
פאַר די אויגן פון דער גאַס:
— שו-שע-װעזן און בו-שע-װען?
נאַט אייך! זאָלן אַלע זען!...

# ווערן גרויס

ניין, איך פריי זיך שוין ניט מער
וואָס כ׳וועל באַלד אַ גרויסער זיין,
מוסר רייד אַלץ מער איך הער
טאַטע-מאַמע טענהן איין:

דאָס איז ניט גוט, דאָס איז ניט שיין
און דאָס פּאַסט שוין ניט פאַר דיר,
ווערסט שוין גרויס, און דאַרפסט פאַרשטיין
אַז דיין טובה מיינען מיר...

ביסט שוין ניט קיין פּיצל קינד
פּאַטער ניט אין שפּיל דיין צייט,
אַרבעט, לערן גוט אַצינד;
„ווער ס׳איז פלייסיק וואַקסט אַ לייט״...

גלייב איך זיי. און פאָלג אַלץ אויס
טאַטע-מאַמע, און איך קלער:
— אויסצווואַקסן, ווערן גרויס,
דאַרף זיין זייער, זייער שווער...

# אַ זיידע

בעניעלע, אַזאַ-אָ ברעקל
וויל שוין אויך אַ זיידע זיין;
טוט ער אָן דעם זיידנס רעקל
און אין שפּיגל קוקט זיך איין.

ער פאַרלייגט די הענטלעך ביידע
איינס אין אַנדערער פאַרדרייט;
איינגעבויגן ווי דער זיידע
פאַרן שפּיגל גייט זיך גייט.

שטעלט אַ טריטעלע פּאַמעלעך
טוט אַ הוסטל: „פּו-פּו" שווער!
— „כ'בין אַ זיידע"! — שרייט אויס פריילעך
— כ'הוסט שוין אויך אַזוי ווי ער...

# כאַפּן

— טאַטע, מאַמע, זיידע, באבע,
מומעס, פעטערס, אַלע ווילן
נאָכטאָן אונדז די קליינע קינדער
און אין „כאַפּערלעך״ זיך שפּילן.

יאָ, געוויס, אין אַלע שפּילן
קען מען פאַלן, זיך צעדראַפּען,
אָבער אַז די גרויסע ווילן
גלייך ווי מיר נאָר, — כאַפּן, כאַפּן...

כ׳הער די באבע זאָגט צום זיידן:
— זע, עס הערט נישט אויף צו ליאַפּען,
כ׳ווייס גאָרנישט ווי אין דעם רעגן
וועלן מיר אַ טראַמוויי כאַפּן...

און די מומע זאָגט צום פעטער:
— כ׳בין שוין מיד די פיס צו קלאַפּן,
אַז מען דאַרף גאָר האָבן מזל
היינט אַ טראָלעבוס צו כאַפּן!...

זאָגט דער טאַטע צו דער מאַמען
— ס׳פעלט אַ האַלבע שעה, אַ קנאַפּע

און איך מוז צום באַן שוין לויפן
כ׳זאָל דעם צוג נאָך קענען כאַפּן!...

כאַפּן-כאַפּן! אויך די גרויסע
האָבן „כאַפּערלעך" אין זינען,
נאָר זיי יאָגן זיך און לויפן
שפּילן זיך אין פּאָר-מאַשינען!...

# קאַרג...

די מאַמע זאָגט: ס'אַ שלעכטע צייט,
מ'דאַרף זיך היטן שטאַרק,
נישט אויסגעבן צופיל, און זיין —
אַ ביסינקעלע קאַרג.

איז היט איך מיינע זאַכן זאָלן
לענגער אויסזען ניי,
איך שפּאָר און גיב אויס ווינציקער
אויף שפּיל און נאַשעריי.

נאָר, וואָס — איז אויך די לערערקע
געוואָרן קאַרג אַצינד?
און שפּאָרעוודיק זי גיט אַזוי
די „נאָטעס" יעדן קינד.

אַז ווער עס קריגט ביי איר אַ פיר, —
איז דאָס שוין גאָר אַ גליק.
צי קויפט מען ציפערן אין קראָם?
זי צאָלט פאַר זיי — פון שטיק?...

# אַ שרייבמאַשין

שיין און ריין שרייבט נאָר מיין טאַטע:
נישט צו קליין און נישט צו גרויס
נישט עס בייגן זיך די אותיות
די אַריין און די אַרויס.

גלייכע שטייען אין די שורות
אָפּגערוקט זיך וואָרט פון וואָרט
נישט עס פאַלט איינס אויפן צווייטן;
יעדער אויף זיין ריכטיק אָרט.

נישט עס מעקט זיך, נישט עס פלעקט זיך
נישט צו גראָב און נישט צו דין;
העי! מיין טאַטע איז אַ חכם!
ער — שרייבט אויף אַ שרייבמאַשין!...

פּיק-פּיק, שפּרינגען טאַטנס פינגער
אַט אַראָפּ און אַט אַרויף,
אַז די אותיות זיי ליגן
דאָך שוין גרייט פון אויבן-אויף...

אויף אַ שרייבמאַשינקע שרייבן,
באַ! וואָס דאַרף מען קענען, וואָס?
פּיק! אַ פינגער אויף אַ קנעפּל
און עס שפּרינגט אַרויס אַן אות.

און אַ טאַטע קען דאָך סיי ווי
שרייבן שוין פון לאַנג. איך קלער:
אַז עס איז — געוויס אַ טעות;
ס'וואָלט באַדאַרפט זיין — פונקט פאַרקערט!...

ווי קען זיין? מיט טינט און פעדער —
„שענער" שרייבן הייסט מען אונדז!
גיט מיר אויך אַ שרייבמאַשינקע,
און איך ווייז אייך שוין די קונץ!...

# אַביסל צייט

כ׳וויל מיין טאַטע-מאַמע פרעגן,
— זאָגן זיי דאָך, כ׳וואַקס אַ לייט —
איר האָט דאָך פאַר מיינעטוועגן
אַלץ — נאָר נישט אַביסל צייט...

ווו אַ נייסל, ווו אַ שפּיל נאָר,
וואָס סע האָט קוים אַ באַדייט,
קויפט מען מיר באַלד, וואָס איך וויל נאָר,
אַלץ — נאָר נישט אַביסל צייט.

הייזלעך, העמדעלעך געפּרעסטע
און אַ טיכעלע ביים זייט,
נישט אַ שאַליקל פאַרגעסט מען,
אַלץ — נאָר נישט אַביסל צייט...

און די שאַכטלען, נאַשערייען
ווערן אַלעמאָל באַנייט,
קויפט מען אַלצדינג וואָס צום קייען
אַלץ — נאָר נישט אַביסל צייט...

ווײל איך עפּעס זײ דערצײלן
ווערט מען בײזלעך און מען שרײט:
— זעסטאָך ווי מיר דאַרפֿן אײלן
מאָרגן! לאָז! נישטאָ קײן צײט!...

נאָר זײ יאָגן זיך און לױפֿן
אַלעמאָל, ווער ווײס ווי ווײט?
בעסער וואָלטן זײ מיר קױפֿן
אָנשטאָט אַלץ — אַביסל צײט!...

# טאַטע

טאַטע, וויפל איז דער שיעור?
שטענדיק מוז איך פאָלגן דיר!
און ווען ועסטו פאָלגן מיר?

מיינסט מסתמה עס איז גרינג,
תמיד הערן דיין באַדינג
און נאָר פאָלגן דיר אַלצדינג?

יאָ, אוודאי, דיר איז גוט,
גוט איז וואָס אַ טאַטע טוט...
איי, ווען כ׳קען אין דער מינוט —

זיך אַ צי טאָן אויף געשווינד —
בייט איך זיך מיט דיר אַצינד;
כ׳ווער דיין טאַטע, דו — מיין קינד.

כ׳ווער אַ טאַטע ברייט און הויך,
אַלע פאָלגן מיר — דו אויך!
יאָ, יאָ, טאַטעלע, דו אויך!!!

# מיינע בייטעלעך

מיין בייטעלע! מיין בייטעלע!
מיט גרעזעלעך גייט אויף!
מיט דינינקע, מיט גרינינקע,
ווי פינגערלעך אַרויף.

מיין בייטעלע, מיין בייטעלע,
— די מאַמע רופט עס „ציב”,
— די קינדערלעך פון ציבעלעס,
איך האָב עס אַזוי ליב!...

***

ס'איז מיין בייטעלע געראָטן
אויפגעגאַנגען, קוק עס אָן!
ווי אַ קיכעלע באַשאָטן
מיט אַ דינעם גרינעם מאָן.

שפּעטער, שפּעטער וועט עס ווערן
רעטעך, בוראַקעס און מערן,
וואַקסן, וואַקסן ווערן גרויס
פון דער ערד — אַ שפּרונג אַרויס!...

# אַ באַלאָן

ס׳האָט דער זיידע רב אלקנה
— מאַלע וואָס אַ זיידע קאָן —
שלמהלען פאַר אַ מתנה
אים געבראַכט אַ לופטבאַלאָן.

— אָ, סאַ לופטבאַלאָן! דערפרייט זיך
שלמהלע מיט דעם געשאַנק,
און ער שפּרינגט מיט אים און דרייט זיך
— זיידעלע, אַ דאַנק! אַ דאַנק!

אַזאַ קוש וועל איך דיר געבן!
זיידעלע, קוק אים נאָר אָן!
כ׳האָב נאָך אין מיין גאַנצן לעבן
נישט געזען אַזאַ באַלאָן!

אַזוי גרויס און ס׳אַ קאָלירן;
ראָז און רויט און גרין און געל,
העי! דו! הייב זיך אויפן שנירל
פלי און דריי זיך גרינג און שנעל!

העכער! העכער! נאָך אַ ביסל!!!
מיטאַמאָל טוט אַ געשריי:
— זיי-דע-לע! געפּלאַצט! אַ רי-סל!
כאַפּ די נאָדל גיך פאַרניי!...

נעמט דער זיידע די מתנה
וואָס געווען איז אַ באַלאָן,
און זיין אייניקל קוקט אָנעט:
—אָסור, אָסור אויב איך קאָן!...

און עס ווערן פול מיט טרערן
ביידנס אויגן, און גאָר שטיל
מורמלט זיידע: — וואָס ס׳קאָן ווערן,
פון אַזאַ מין שיינע שפּיל...

# דין־דאָן־דין!

— דין דאָן! דין דאָן! דין דאָן דאַן!
טריפט אַ טראָפּן פונעם קראַן
— דין דאָן! פריילעך זאָל מען זיין!
אין דער וואַש־שיסל אַריין;

אויפן דינעם פּיסל שפּרינגט
און אין וואַש־שיסל עס קלינגט;
דין־דאָן־דין! אויף פּאָרצעלײַ
נאָכאַנאַנד אַלץ פונדאָסניי

טריפט און שפּילט צו: דין־דאָן־דין!...
לויפן טענער הער און הין
שפּריצן אויף פון שיסל ווענט!
— דין־דאַן! ס׳איז מיין אינסטרומענט!

טאָמער ווען און טאָמער וואָס —
עס פאַלט איין דעם באַלעבאָס
און ער טוט אַ דריי דעם קראַן —
זאָל זיין דין־דאָן! דין־דאָן־דאַן!...

אַזאַ וווּנדער־ליד שפּילט אויס:
— דין־דאַן־דין! איין טראָפּן בלויז —

## געלט

בעט איך: — מאַמעלע — נו, קויף מיר
אָט די שפּיל וואָס מיר געפעלט!
ענטפערט מאַמעלע דערויף מיר:
— זעסטאָך, כ'האָב שוין ניט קיין געלט...

זאָג איך: גוטע מאַמע מיינע,
קויפסט דאָך איין, אַלץ וואָס אונדז פעלט —
איז פאַריינוועגס, קויף זיך איינעט
אויך אַ ביסל געלט!...

## פאַרוואָס?

אַ קינד,
געבוירן ווערט אַ קינדעלע
און ווי מיין ברודערל וואַקסט אויס.
אַ מאַמע,
געבוירן ווערט אַ מאַמעלע
און ווי מיין מאַמע ווערט זי גרויס.
און מיין באבעלע
וואָס דאַרף נאָך גרעסער זיין —
פאַרוואָס איז זי נאָך אַזוי איינגעבויגן, קליין?...

# אַ פאַבריק פון אייז...

— וואָס איז דאָס? עס האָט דער פראָסט
אונדזער גאַנצן הויף פאַרגלאָזט?
ס׳ברעכט זיך, ווו איך טו אַ טראָט.
אַ! איך ווייס שוין, ס׳איז דאָך אייז.
און איך טו אויף דעם אַ שפּרייז:

טופּ! אויף פּיצלעך אַ צעשאָט!...
איי! ווי פראָסטיק, קאַלט אַזוי!
ווי אין אייזקאַסטן, געננוי!
אַלץ אַרום פאַרפרוירן — ווייס.
און איך טראַכט: ס׳האָט איבער נאַכט
דאָ דאָס פרעסטל זיך געמאַכט
פּשוט. אַ פאַבריק פון אייז!...

און איך טו צו אים אַ לאַך:
זיי אַ בריה און באַווייז,
כאַ-כאַ!... פרעסטל, פּרווו און מאַך
זומער — דיין פאַבריק פון אייז...

# פײגעלעך

כ׳האָב אַ ברודער הײסט ער ײדל,
האָט ער פײגעלעך אין פידל;
אַז ער גיט אַ פיר זײַן סמיק,
הער איך באַלד: ציף, ציף, טשיריק!

זע איך װי צום פידל פרעסט ער
צו זײַן באַק, און אַלץ פאַרגעסט ער, —
נאָר די פינגער טאַנצן זיך
אויף די סטרונעס גיך, גיך, גיך...

— װי זײ הײבן אָן צו שפּרינגען,
באַלד די פײגעלעך צעזינגען,
אָטאָ הויך און אָטאָ שטיל,
װאָס און װי מײַן ברודער װיל...

בעט איך זיך בײַ אים: נו, ײדל,
נאָך, נאָך פײגעלעך פון פידל!
און איך שטײ לעם אים און שטײ
איך װיל זען, װי פליען זײ?...

טרעף איך װען דאָס פידל אָפן.
שטיל, די פײגעלעך זײ שלאָפן —
קוק איך, קוק איך טיף אַרײַן,
— ס׳אַראַ נעסט עס מוז דאָרט זײַן!...

# זון

זון! זון! איך פאַרשטיי פאַרוואָס
דיינע שטראַלן שענקסט דעם גראָז
און די בייטעלעך מיט גרינס,
ביימער, קוסטעס יעדן מין.

נאָר פאַרוואָס, איך בעט דיך, זאָג:
שטראַלן שיטסט אַ גאַנצן טאָג
אויך אין די קאַלוזשעס? פוי!
כ׳מיאוס זיך פון זיי אַזוי!...

נישט עס שפּראָצט און וואַקסט דאָרט וועז,
נישט עס וועט און נישט עס קען;
נישט מען האָט אַ נוץ דערפון.
גלאַט אַזוי, אומזיסט אומנישט,
פּטרסט שיין אַזויפיל, זון,
אויף אַ יעדן בערגל מיסט!...

# ווינט און רעגן

— טיק-טיק! טיק-טיק! אויפן דאַך
גייען נאָדעלעך אַ סך.
טיק-טיק! טיק-טיק! גלייכע שטעך
שטעפּט דער רעגן אויפן בלעך.

מיט אַמאָל, אַהער, אַהין.
— ווער די שטעפּעלעך צעקרימט?!
— רעגנדל, צעלאַכט זיך ווינט,
קאַליע איז דיין שטעפּ-מאַשין!...

וויינט דער רעגן: וויי-וויי-וויי!
ס'אַראַ קרומע שטעפּ איך ניי —
וויינט ער אין דער ערד אַריין:
— ס'וועט אַ קרומער מלבוש זיין!...

# ווער

אַ קינד:
— מאַטעלע, מאַטעלע זאָג אונדז ווער
האָט דיך אָפּגעפאַרבט אַזוי?
ביסט געווען אַ ווייסינקער
און איצט ביסטו ברוין?

מאַטל:
— אויפן זאַמד,ביים ברעג פון ים
איז אַ פאַרבערן פאַראַן,
פאַרבט זי שטאַרק, פאַרבט זי הייס
און איר נאָמען איז — איר ווייסט
קינדערלעך דערפון?

אַלע:
— די זון!

# גרעזעלעך שלאָפן

אָ, ווי שיין די גרעזעלעך שלאָפן,
האַלטן גרינע אייגעלעך אָפן.
נישט מען לייגט זיך, נאָר מע שטייט
זיך איינאיינעם אויפן בייט.

און די זון, זי גלעט זיי, גלעט זיי
און אַ ווינטעלע בעט זיך, בעט זיך;
בלאָזט און טרייבט אַוועק די היץ:
— גיי זיך! גרעזעלעך שלאָפן איצט!...

# מיין שוועסטערל

— אוי-אוי, וואָס מיין שוועסטערל קען!
קוקט אין וויגעלע, ט׳איר זען:
ניט זי וויינט און ניט זי לאַכט,
ליגט זיך שטיל אַזוי און טראַכט...

— וואָס-זשע קען עס טראַכטן, האַ?
אַ פּיצ-מאָנטשיקל אַזאַ;
קען ניט גיין
און ניט שטיין,
איז אַזוי קליין
און טראַכטן —
טראַכט זי שוין אַליין...

## חבֿרימלעך

— מיינע הענטלעך דיביידע
זע ס׳אַ גוטע זענען זיי.
די חבֿרימלעך די צוויי
חבֿרן זיך אומעטום.
און זיי וואַשן זיך אַרום
איינס דאָס אַנדערע אַליין:
וואַש דו מיר
און איך דיר
און זיי ווערן ביידע ריין.

## וויפֿל יאָר?

— איצט בין איך אַלט
פֿיר יאָר, ניט מער.
און איך דערלאַנג
שוין ביז אַהער.

און אַז איך וועל
זיין גרויס ביז גאָר
וועל איך אַלט זיין:
— וויפֿל יאָר?...

# אויף אויסנווייניק...

— וואָס מאַכסטו מאָדנע מינעלעך?
— דאָס לערן איך זיך שלאָפן.
— איז וואָס־זשע האַלסטו משהלע
די אייגעלעך נאָך אָפן?

— דעריבער, ווייל איך לערן נאָך,
הייבט משהלע די ברעמען,
און אַז איך וועל שוין זייער גוט
אויף אויסנווייניק קענען, —

דאַן וועל איך מיינע אייגעלעך
שוין מער נישט האַלטן אָפן,
איך וועל פאַרמאַכן זיי אַזוי —
און אויף אויסנווייניק שלאָפן!...

## געדיכט

שיט די זומער-זון מיט פלאַמען
און אויף בייטעלעך צוזאַמען
גרינסן בלעטער, טוליען זיך:
שיצן זיך אַזוי מיר קענען
ס׳וועט די זון אונדז נישט פאַרברענען
אַז מיר וועלן זיין געדיכט!...

## וואַקסן

לעם אַ בייטעלע איך שטיי,
איך קוק זיך איין און טראַכט:
ניט מען זעט און ניט מען הערט
ווי אַזוי אַלץ גרעסער ווערט,
ווי עס הייבט זיך פון דער ערד;
איז ווען-זשע וואַקסן זיי
די רעטעכלעך, ביינאַכט?...

# שטעכלקעס

קינד:
מאַמעלע, ווער האָט פאַרזייט
די שלעכטע גרעזעלעך אויף מיין בייט?
די קראָפּיוועס, אוי שטעכן זיי,
— מאַמע! ווי זיי טוען וויי!

מאַמע:
שטעכלקעס וואַקסן אויס אַליין —
און כל-זמן זיי זענען קליין
מיטן וואָרצל רייס זיי אויס,
זיי זאָלן מער, שוין נישט אַרויס!!!

# וואָס איז דאָס?

עטעלע:
ניאָמעלע, זע נאָר וואָס איז דאָס?
מאַמע זאָגט, דאָס איז אַ פראָסט
פון דער נאַכט, גאָר ווייס דאָס גראָז?

ניאָמעלע:
ס'האָבן גרעזעלעך געוויס
אַ גאַנצע נאַכט געטרונקען מילך
און דאָס מויל נישט אָפּגעווישט...

# אַ גאָלדן בריוו

קיינמאָל קען איך נישט דערזען
ווער עס פירט די גאָלד-פען,
ווער עס שרייבט פון בליצנשריפט
אויפן הימל הויך, אַ בריוו.

ווען עס האַנט שרייבט אַזוי גיך,
גאַנצע זאַצן מיט איין שטריך.
אַזוי קונציק, ווי און ווען?
אַך, איז עס אַ גאָלדן פען!

אָנגעפילט מיט גאָלדן טינט,
נישט איין טראָפּעלע פאַררינט.
אויפן הימל-בלאַט געשווינד
טוט אַ שורהלע אַ צינד:

אָט אָ דאָרט, און אָט אָ דאָ —
אַ זיג-זאַג און שוין נישטאָ!...
נישט די פּען און נישט די שריפט
אַ שאָד! אַזאַ גאָלדן בריוו!...

# יאָרעלעך...

— זאָג מיר, חיה-שרהלע,
ווו האָסטו דיינע יאָרעלעך?
די יאָרעלעך, די פיר?
נו, קינד מיינס, זאָג עס מיר

אַ ביסעלע אין פיסעלע,
אַ קאַפּעלע אין קעפּעלע,
אַ הייפּעלע אין הענטעלע
און אויך ביי מיר —
די יאָרעלעך, די פיר...

# נאַכט

— איי-איי איז דער טאָג אַ שטיפער!
שוואַרצן נאַכט-הוט אויף זיין קאָפּ,
טוט זיך אָן און טיפער, טיפער
וואָס אַמאָל ער רוקט אַראָפּ.

ווו-זשע זענען בלויע אויגן
און זיין ליכטיק פּנים, ווו?
האַלט דעם הוט אַראָפּגעצויגן
שרעקט און רייצט זיך:
נאַכט! בו-הו!
בו-הו!

# ליקוי־חמה

אין אַ מיטן טאָג אַ העלן
מיטאַמאָל איז אָנגעשוועמען
די לבנה, פון דער נאַכט איז
צו דעם טאָג צו גאַסט געקומען.

אָנקוקן די זון איר שוועסטער
בענקט זי שוין פון כמה יאָרן,
טראָגט איר ליכטיק שיינעם פנים
פון אַמאָל נאָך אין זכרון...

בלייך און מיד פון דער נסיעה
ציט זיך צו די הייסע שטראַלן
נענטער, נענטער און מיט ליבשאַפט
צו דער זון איז צוגעפאַלן...

הילן ביידע זיך אין נעפל
און אַרום אַ ראָד אַ רונדער —
נאָר דורך טונקעלע ברילן זעט מען
אָט דעם ליקוי־חמה וואונדער.

# די זון

— ווו? ווו איז די זון פאַרגאַנגען?
האָט זי פּלוצים ווער פאַרנאַרט?
ס'האָט זי עמעצער געפאַנגען,
הינטער כמאַרעס איר פאַרשפּאַרט

שאַ! אַ באַן איז אָנגעפאָרן
אויפן הימל: טראַך! טאַ-ראַ-רראַך!
— בו-אום! עס פּלאַצן די מאָטאָרן
טראַך! עס ברענט דער שוואַרצער דאַך.

בום! אַ שאָס אַרויס מיט בליצן
און אַזאַ מהומה ווערט!
פּייערלעשער כליאַפּען, שפּריצן
גאַנצע טייכן אויף דער ערד...

און אין סאַמע שיסן-גיסן
פלאַמט אַרויס איר רויטער קאָפּ:
— כ'האָב זיך קוים-קוים דורכגעריסן
לאַכט די זון און שטראַלט אַראָפּ.

# לבנה אין טייך

קינדער קומט און זעט אַ נייעס:
די לבנה זילבער ווייס
לאָזט אין טייך אַראָפּ איר קאָפּ
און אין וואַסערל זיך צוואָגט.

וואָס-זשע זע איך ווידער, פּאָרט?
אָט איז דאָך לבנה דאָרט,
הויך אין הימל אויך אַצינד?
אַ?! — דאָס צוואָגט זי דאָ איר קינד!...

ציט אויס לאַנגע שטראַלן הענט,
מיט די פינגער פלעכט און קעמט
אַזוי ווייך איר קעפּל גלעט
און זי ווייזט אונדז: זעט נאָר זעט!

ס׳אַראַ טייער קינד דאָס איז!
נישט עס דריגעט מיט די פיס,
קיין געשריי נישט, קיין געוויין:
שיינט זי טאַקע ליכטיק שיין!...

# דער שאָטן

שוואַרצע מאַלפּע אויף דער וואַנט
מאַכסט מיר נאָך אַלץ נאָכאַנאַנד,
הייב איך אויף אַ פוס, אַ האַנט —

הייבסטו זיך אויף הויך ביז...
מיט אַזעלכע הענט און פיס,
וואַקסט און וואַקסט אויס ווי אַ ריז.

ווערסטו אַזוי ברייט און הויך,
וואָס איך טו דאָס טוסטו אויך,
פּרווו אַליין און וויַיז דיין כוח!...

אָטאָ איך באַהאַלט זיך אויס,
דורך אַ שפּעלטל קוק אַרויס,
וויַיז אַצינד ווי דו ביסט גרויס.

ביסט אַ שאָטן, קענסט נישט, ניין!
אָן מיר גאָרנישט טאָן אַליין.
וואָס-זשע שווייגסטו? וויין, נו וויין!

כ'האָב דיר אָפּגעטאָן, אַהאַ!
ביסט מיט מיר אַ העלד אַזאַ,
און אַצינד וואָס? כאַ-כאַ-כאַ!

# יום־טוב!

אַט קומט יום-טוב ראש-השנה
— זאָגט צו בערעלען דער זיידע
און יום-כיפּור, נאָכהער סוכות,
— ווייסטו בחורל ס׳אַ פרייד איז
דאָס אַמאָל ביי אונדז געווען
אין דער אַלטער היים נאָך, דאָרטן?
פון פסח אָן — חדשים לאַנגע
פלעגן מיר אויף די טעג — וואַרטן,

פרייגעלאָזט פון די חדרים —
וואָס דאָס פלעגט פאַר אונדז באַדייטן?!
ניט געוווּסט נאָך פון וואַקאַציעס
האָבן מיר אין יענע צייטן.
אָפּרו צווישן די לימודים?
שפּילן זיך גאָר? אַ מחיה!
אַט די פּויזעס ווי מען רופט זיי
זענען אַלץ מנהגים נייע.
כל המינים פאַרגעניגנס
פאַר די איצטיקע קונדסים. —
פלעגן מיר זיך עס אַ לאָז טאָן
ערב יום-טוב, אָפּטאָן מעשים.
אַלע קונצן שפּילערייען
און אויף אַלערליי אופנים:
זיין פלעגט אונדזער גרעסטער יום-טוב
אַט די טעג פון בין הזמנים...

# לכבוד ראש השנה

לכבוד יום-טוב ראש-השנה
שטייט פֿאַרגרייט שוין אונדזער טיש
פול מיט אַלערליי מאכלים,
און די בלומען שמעקן פריש.

אויבן-אָן, פון אַלצדינג העכער,
שטייען פריילעכע די ליכט,
מיט די שפּיציק רויטע מיצן
אין די לייכטער פלעמלען זיך...

כ׳טונק אַן עפּעלע אין האָניק
— איי-איי-איי, ווי גוט דאָס איז!
זאָל דאָס ניי-יאָר, וואָס סע קומט איצט
זיין אַזוי געשמאַק און זיס!

— — — — — — — — — — — — —

שנה-טובהס גאַנצע טוצן
שוין באַקומען און צעשיקט:
אַלע ווינטשן אַלדאָס גוטס און —
ברענגען זאָל דאָס יאָר אונדז גליק!

גליק און פרייד אין אַלע שטיבער
און אין אונדזער אייגן לאַנד;
ראש-השנה, יום-טוב ליבער,
שטרעק אויף שלום אויס דיין האַנט!

שלום, שלום זאָל זיך שפּרייטן
איבער יעדן גרענעץ-פּאַס:
אַז איין פאָלק זאָל צו דעם צווייטן
גיין און פאָרן — נאָר צו-גאַסט...

לאָז נישט פון מלחמות ריידן
און נישט שרייבן מער אַ וואָרט,
לעבן זאָל מען זיך אין פריידן
אַלע מענטשן, דאָ און דאָרט...

אונדזערע ווונטשן זאָלסט דערהערן,
— ניי-יאָר, ווילסט דאָך עס אַליין,
און די טעג זיי ווערלן ווערן
אַלע, אַלע גוט און שיין,
— אָמן!

# ראש השנה

אָט קומט אָן שוין ראש-השנה
אַ גוט יום-טוב! אַ גוט יאָר!
איצט וועל איך שוין זיכער קאָנען
זיין אַ גוטינקער ביז גאָר...

פאָלגן תמיד, טאַטע-מאַמע,
און וואָס זיידע-באָבע זאָגט;
כ׳וועל שוין מער נישט זיין מקנא
וואָס מיין חברל פאַרמאָגט...

וועל פאַרשטיין אַלץ בעסער, גיכער
כ׳ווער דאָך עלטער מיט אַ יאָר!
און אַז מ׳איז גרויס, טוט מען דאָך זיכער —
אַלע גוטע זאַכן נאָר!...

# קאַראַוואַנען

— נישט אין מדבר טיפע זאַמדן —
אויף אַ פּשוטן וועג פונדאַנען,
אויסגעגאָסן גלאַט און גלאַנציק
ציען זיך די קאַראַוואַנען.

נישט קיין גרויסע גרויע קעמלען
און נישט טראָט ביי טראָט זיי שפּאַנען;
איינגעהילט אין וואָלקנס שטויבן,
די מאָדערנע קאַראַוואַנען.

זענען לאַנגע רייען אויטאָס,
טאַנקען נאַפט פאַר די מאָטאָרן
און אויף רונדע גומי־רעדער —
נישט זיי גייען, נישט זיי פאָרן.

נאָר זיי פליען ווי טייוואָלים
אָנגעפּאַקט מיט טשעמאָדאַנען;
אויף די דעכלעך הורבען הורבעס
ווי ביי מדבר — קאַראַוואַנען.

וויפל מינים און מאָדעלן
אַלע פאָרמען און קאָלירן!
מיט דעם גרעסטן שנעלסטן אימפּעט
לויפן פול מיט פּאַסאַזשירן.

אַלעמאָל פּרוווט דער און יענער
דרייסט און קונציק זיך אַ דריי־טאָן,
פון דער ריי זיך אַרויסכאַפּן —
איבעריאָגן זיך אַ צווייטן...

טרעפט זיך — ס׳זאָל שוין מער ניט טרעפן —
ס׳לויפט אַ דריטער אָן אַנטקעגן
— בוץ! .. צעבוצקען זיי זיך פּלוצים...
זעט מען טאַקע אויף די וועגן.

אויטאָס ליידיקע, צעקלאַפּטע
— פונעם שטויס דעם אומגעריכטן,
ווי זיי שטייען דאָרט און וואַרטן
ביז מ׳וועט דעם בראָך פאַריכטן...

און אַזוי־אָ פליט און ציט זיך
אַלץ די שורה — ווו? פונוואַנען?
נעמען זיך אַזויפיל אויטאָס
אַזאַ לאַנגע קאַראַוואַנע.

אויף פיר הונדערט קילאָמעטער
— בוענאָס־איירעס — מאר דעל פּלאַטאַ,
פלינק און פלייסיק דרייט דעם רודער
דאָ אַ מאַמע, דאָרט — אַ טאַטע.

דאָ און דאָרטן זיצן קינדער,
לוסטיק־יונגע, זיידע־באָבע;
יעדער ווינקל פון מאַשין מיט
פּעק און פּודעלעך באַלאָדן

ס׳פאָרן גאַנצענע משפחות,
פונעם זומער זיי אַנטלויפן:
פון דער גליאיק הייסער הויפּטשטאָט
צו דעם ים — ווי פון אַ שרפה...

# קאָמעט 4

אויפן פלי־פעלד פון עסייסאַ
כ׳זע אַוויאָנען אָן אַ שיעור,
נאָר דער גרעסטער איז — איך ווייס עס —
אונדזערער! דער קאָמעט פיר!...

אָ! איר מיינט, איך זאָג עס, ווייל מיין
ברודער פליט מיט דעם אַוויאָן?
אפשר צוליב דעם אויך, ס׳קען זיין —
נאָר, סיי ווי, ווער ס׳קוקט אים אָן.

קען נישט אָפּרייסן די אויגן:
— „ס׳אַראַ לענג! און ס׳אַראַ ברייט״!
ווי ער שטייט זיך אויסגעצויגן
אויף דער ערד, צום פליען גרייט.

און די רעדלעך, דריי אינגאַנצן,
שטאָל צי אייזן? ס׳אַראַ מין?
ווי זיי האַלטן אויף דעם פּאַנצער
פון דער גאַנצער פלי־מאַשין?!

כ׳וואָלט עס פריער גאָרנישט גלויבן
אַז ס׳איז טאַקע אַזוי גרויס?
אָט אָ זע איך פליען אויבן
אַן אַוויאָן, און ס׳דוכט זיך אויס

ווי אַ פישל מיט אַן עקל,
און עס שווימט זיך אַזוי גלייך;
— וואָס דאַרף האָבן אַזאַ ברעקל
אַזאַ ריזיק גרויסן טייך?...

פלוצים סססטראַק!!! אַזאַ געראודער
סססאַך! איך ווער שיעור טויב,
— שוין! אַרויף איז שוין מיין ברודער;
דער אַוויאָן טוט זיך אַ הויב.

טוט אַ צי זיך אין דער לופטן,
און אַ פלי אַרויף-רויף, זעט!
— ברו-דע-רל! וויל איך אַ רוף טאָן;
ווו-זשע, איז שוין, מיין קאָמעט?...

# לאַכט דער האַרבסט

בייטן, פלייטן, שפּראָציק גרינע,
לאַכט דער האַרבסט אין אַרגענטינע,
לאַכט מיט פולע גערטנער בלומען:
ניט ווי האַרבסט בין איך געקומען...

נאָר אין ווייטע ווייטע לענדער
ערד און הימל איך פאַרענדער;
כ׳טו די פעלדער אויס פון תבואה,
איבער קעפּ — הענג וואָלקנס גרויע,
גיב די ביימער שמיץ אַזוינע
און איך האַלט דאָרט אין איין ווייגען
וואו, או-הו! — איך שרעק די קינדער:
ס׳קומט דער ווינטער! ס׳קומט דער ווינטער!

נאָר אָט דאָ אין אַרגענטינע,
וועב איך ווייטער מיינע מינים
און אויף בייטן פריש פאַרזייטע —
טאַנצן פלאַנצעלעך דערפרייטע,
אויף דער גוטער ערד דער פעטער
הייבן זיך די גרינסן בלעטער,

אין פרימאָרגנס טו איך טויען,
און די הימלען בלויען, בלויען,
און די פייגעלעך ציף-ציפן...
אויף די גרעזעלעך שטראַלן שטיפן
און אינאיינעם זיך פאַרשפינען...
לאַכט דער האַרבסט אין אַרגענטינע
מיט אַ ליכטיק שיינעם פנים;
— ס'איז אַ טעות דאָ מיין נאָמען...

# פע! לבנה!

פע, לבנה, ס׳איז נישט שיין.
דו שפּאַצירסט זיך אויפן הימל
און דיין קינד לאָזסטו אַליין

נעבעך, נאַקעט אויפן וואַסער —
דיר איז גוט! דו ביסט זיך טרוקן
און דיין קינד ווערט נאַסער, בלאַסער...

אוי, אוי-אוי! עס גייט באַלד אויס;
לבנהלע איך בעט דיך גלייך,
נעם פון טייך דיין קינד אַרויס!...

# קאַץ און הונט

נאָכן קעצל יאָגט זיך הינטל,
טוט זי אויפן דאַך אַ שפרונג.
בלייבט דאָס הינטל שטיין פון אונטן
סאָפּעט, שטעקט אַרויס די צונג...

בילט און בילט און טרעט נישט אָפּ:
— האַוו-האַוו! קעצל, קום אַראָפּ,
כ׳וויל דיר זאָגן בלויז — אַ זאַך;
האַוו-האַוו, שפּרינג אַראָפּ פון דאַך!...

זיצט זיך קעצל אויפן דאַך
אונטער זיך פאַרלייגט די פיס:
— מיאַו-מיאַו — כ׳ווייס דיין זאַך,
ווילסט מיר געבן, נאָר אַ ביס...

— האַוו-האַוו! אוי וואָס רעדסטו, וואָס?
כ׳האָב אויף דיר נישט קיין פאַרדראָס,
סתם אַזוי זיך יאָגן כ׳וויל;
ס׳איז אַזאַ מין חבר-שפּיל...

אונדזער ליבשאַפט איז דאָך גרויס,
אַז מיר וווינען אין איין הויז
ביידינקע, פון קליינוויז אָן —
וועל איך דיר, גאָר עפּעס טאָן?!

ציט זיך קעצל אויס גאָר פיין,
מיט אַ לאַפּקע קראַצט דעם קאָפּ:
— מילא, כ׳זע, ווילסט חבר זיין
שפּרינג איך שוין צו דיר אַראָפּ.

— האַוו-האַוו, אָט אַזוי, וואָס דען?
קען דען צווישן אונדז געשען,
ווי ביי אַנדערע. אַ ריס —
איך זאָל געבן דיך אַ ביס?!

נעמט אויך קעצל — מאַלע וואָס —
אירע שאַרפע נעגל מיט.
טוט זיך הינטל ווילד אַ לאָז
אויפן קעצל: — גלויבסט מיך ניט?

— האַוו-האַוו, פּע! דאָס איז ניט שיין!
און ער שטשירעט זיינע ציין:
— איך בין ערלעך פיין און בראַוו
אָט איך וועל דיך: האַוו-האַוו-האַוו!!!

# וואַסער־פאַל

שטיל און שמאָל
אָן אַ קול
איז אַ קוואַל געפלאָסן
מיטאַמאָל
אין אַ טאָל
טיף אַראָפּגעשאָסן...

כאַ-כאַ-כאַ,
טראַ-לאַ-לאַ
לאַכיק זיך צעזונגען;
זינגט און לאַכט
קלינגט און מאַכט
גרויסע ווייסע שפּרונגען.

פּליוסק און רויש,
שטראָמען ברויז
קליפּ און קלאַפּ זיך קלאַפּן
שפּילן זיך
ווילן זיך
איינס דאָס אַנדער כאַפּן...

שפּריצן שפּרייט
צו דער פרייד
גאָרנישטאָ קיין גלייכן;
וואַסער-פאַל
שוים און כוואַל
זיך אין קלאָרע טייכן!

# טײַער

קויף איך זיך אַ שאַכטל בלייערס,
צי איך קויף אַ וואַסער שפּיל,
זאָגט די מאַמע: ס'איז צו טייער!
ס'דאַרף ניט קאָסטן אַזויפיל...

פרעג איך: מאַמע, וואָס איז טייער?
וואָס פון אַלעמען איך הער; —
נישט קיין צווייער, נישט קיין דרייער,
נאָר איין געלט-פּאַפּיר, נישט מער!...

— טייער קינד מיינס, זאָגט די מאַמע.
— טייער קאָסט איך... וויפל געלט...
— לאַכט די מאַמע: — אַזאַ סומע
איז נישטאָ אויף דער גאַנצער וועלט...

# אַ ציינדל

אַ שמחה איז ביי אונדז אין הויז:
—אַ ציינדל!...
נאָך אַ ציינדעלע
איז שיינדעלען אַרויס...

קוקט מען איר אין מײלעכל אַריין,
און אַלע ווילע ציילט מען פונדאַסניי:
איינס, צוויי, דריי און פיר, שוין פיר!
און אַז איך האָב אַ פולן מויל
פרייט מען זיך מיט מיר?

— שיינדעלע קען שוין שטיין!
— הייבט שוין אָן צו גיין!
— שטעלט אַ פיסעלע אַליין!
און אַז איך,
גיי און לויף אַרום,
אַ גאַנצן טאָג, אומעטום,
נישט מען קוקט זיך אום
אויף מיר אַפילו — ניין!
אוי! איז גוט, —
ווען מ׳איז נאָך קליין!...

# אַ מאַמע

די מאַמע (טוט אַ קוק אויפן זייגער):

אָ, עס איז דאָך שוין האַלב צוועלף!
ס׳קומען באַלד די קינדער אָן
און איך האָב נאָך גאָרנישט גרייט;
כ׳האָב אַזויפיל נאָך צו טאָן!

(אַרבעט און איילט זיך):

באַלד, שוין אָט איז פאַרטיק אַלץ.
דאָ אַ מיש (אין די טעפּ) און דאָ אַ וויש.

(גרייט דעם טיש):

מעסער, גאָפּל, ברויט און זאַלץ,
און ס׳איז שוין געגרייט דער טיש!

(פאַרעט זיך אין קיך):

ס׳וויל משהלע אַ „מילאַנעס״,
אַ „טשוראַסקאָ״ בערעלע בעט;
חנהלען ווילט זיך גאָר אַ באָרשט...
און דוידל: — „מאַ, אַ קאָטלעט!״.

חנהלע (לויפט אַריין האַסטיק, טוט אויס ס׳פאַרטעכל פון שול, טוט אַ קוש די מאַמע):

— מאַמעלע, בין איך הונגעריק!
גיב מיר עסן וואָס ניט איז!...

(די מאַמע דערלאַנגט איר אַ טעלער באָרשט. זי טוט אַ זופּ, און שטופּט עס אָפּ):

חנהלע:

— אום... עפּעס הײַנט געפעלט מיר ניט,
ס׳איז צו זויער און צו זיס...

די מאַמע (בײזלעך):

— און איך האָב געגרײט, געאַרבעט!
חנהלע, אָט הער זיך אײַן:
אַז דו רעדסט אַזוי, טאָ פּרוּוו אויך
אײן טאָג בלויז אַ מאַמע זײַן!...

חנהלע (שפּרינגט אויף פרײלעך):

— אַ מאַמע זײַן, אַ מאַמעלע!
יאָ-יאָ-יאָ! איך װיל! איך װיל!
איך שפּיל אַזוי פיל שפּילערײַ,
װיל איך אויך אַ מאַמע-שפּיל!

(זײ בײַטן זיך: די מאַמע טוט אָן חנהלעס װײַסן שול-פאַרטעך און חנהלע — דער מאַמעס קיך-פאַרטעך). (זײ זינגען):

חנהלע:

װי גוט איז מיר אַצינד!

די מאַמע:

װי גוט מיר איז אַצינד!

חנהלע:

װי גוט צו זײַן אַ מאַמעלע!

די מאַמע:

װי גוט צו זײַן אַ קינד!

די מאַמע (פאַרן אַרויסגײן):

— נאָר געדענק, גיב אַכטונג גוט,
און דאָס עסן נישט פאַרברען!

חנהלע:

— קענסט זיך רויק גיין אין שול,
כ׳קען שוין אַלץ, איך קען! איך קען!

(די מאַמע גייט אַרויס).

חנהלע:

— כאַ-כאַ-כאַ! אַ גרויסע זאַך,
גוט איז וואָס אַ מאַמע טוט.

(פּאַרעט זיך):

ראַמען, קאָכן און וואָס נאָך?
אַ מאַמע זיין איז גרינג און גוט!

(משהלע, בערעלע און דווידל פּאַלן אַריין מיט אַ געדרודער און טוען האַסטיק אויס די שול-פּאַרטעכלעך):

— מאַ! גיב עסן! ס׳איז שוין שפּעט!

(דרייען זיך אויס און דערזען חנהלען ווי זי פּאַרעט זיך):

משהלע:

— קינדער! זעט נאָר, כאַ-כאַ-כאַ!

בערעלע:

— קוקט נאָר אָן די באַלעבאָסטע!

דווידל (האַלב וויינענדיק):

— חנהלע, זאָג, ווו איז מאַ?!...

חנהלע:

— מאַמע איז אין שול אַוועק,
מיר האָבן היינט געביטן זיך...

(דערלאַנגט צום טיש):

כ׳גיב אייך עסן, אָט-אָ שוין,
(שטאָלץ): יאָ! די מאַמע היינט בין איך!...

משהלע:

— פּס! ס׳אַ עסן וועט דאָס זיין!

בערעלע:

— נו, דערלאַנג! כ'האָב נישט קיין צייט!

חנהלע:

— פע! ווי זיצט איר דאָסביים טיש!
ווי איר טומלט דאָס און שרייט!

משהלע:

— פוי! ס'אַ מאָדנער „מילאַנעס" !
צוגעברענט און שוואַרץ ווי קויל.
ברר! ביטער! נעם אַוועק!
נישט איך נעם עס מער צום מויל!

**דווידל** (האַלט ביים וויינען):
אַ קאָטלעטעלע איך וויל,

(האַלט אַ הענטל ביים מיילעכל):
כ'קען נישט קייען, אוי-אוי! אוי!
שאָקלט זיך אַ ציינדעלע!
און דאָס איז (ווייזט אויפן קאָטלעט)
אינגאַנצן רוי!...

בערעלע:

— דאָס איז אַ „טשוראַסקעלע" ?
ווי אַ לעדער שטייף און האַרט!

חנהלע:

— שלעכטע! שלעכטע וואָס איר זיינט...

(זי וואַרפט זיך אויף זיי):

— כ'וועל אייך געבן, וואַרט נאָר וואַרט!...

(זיי נעמען זיך בוצקען, אַ טומל, אַ געשריי):
— מאַ! מאַ-מע! מאַ-מע-לע!!!

די מאַמע (לויפט אריין):
— קינדערלעך, וואָס טוט זיך דאָ?

חנהלע (מיט טרערן):

— מאַמינקע, איך... וויל נישט מער...

משהלע־בערעלע:

— עס געפעלט איר נישט די שפּיל...

חנהלע:

— זיין אַ מאַמע איז זייער שווער.

משהלע:

— אַ מאַמע זיין, ווי ס׳דאַרף צו זיין.

בערעלע:

— דאָס, קען אונדזער מאַמע נאָר!

אַלע קינדער צוזאַמען (נעמען זיך אָן פאַר די הענט אין אַ קרייז):

— מאַמע, קום אין ראָד אַריין,
מירן זינגען דיר אין כאָר.

(די קינדער דרייען זיך, טאַנצן אַרום דער מאַמען און זינגען):

— אַי, ווי ליב, ווי גוט און שיין
מיט דער מאַמען אינדערמיט!
אַ מתנהלע אַהיים
נעמט מיט אונדזער מאַמע־ליד!
טראַ—לאַ־לאַ־לאַ...

# נאַשערלעך

משהלע, מאַשעלע, מאַש-מאַש-מאַש
נאַשן צוקערלעך: נאַש, נאַש, נאַש
געבראַכט האָט די מומע, אַ פולינקן טאַש.

— משהלע, מאַשעלע, זאָגט זי צו זיי,
באַהאַלט אויך אויף שפּעטער, לאָזט איבער — אַ צוויי —
פון צופיל עסן, טוען ציינדלעך וויי...

— אויף שפּעטער? פאַר שפּעטער? ווער איז ער דאָס ווער?
מיר קענען אים גאָרניט, ווי קומט ער אַהער?
גאָר לאָזן פאַר אים? שוין! מיר האָבן ניט מער!...

# פרילינגל

פרילינגל האָט שפּילעריי,
צאַצקעלעך פון יעדן מין;
פאַרביקע, פון צוויטעריי
— פאַר זיין ווילזיין אויסגעשפּינט

וואָס ער וויל — באַקומט ער גיך;
זיינע איז די שענסטע היים.
נאָר וואָס עפּעס, קרימט ער זיך
און פאַרגייט זיך אין געוויין...
טוט אַ כליפּ און גיסט זיך אָפּ:
פליוך! פון אויבן ביז אַראָפּ...

ציט די זון פון טאַש אַרויס
אירע טיכעלעך פון גאָלד
און די אויגן ווישט אים אויס:
— האָסט נאָך עפּעס וואָס געוואָלט?...

פרילינגל, זאָג! שעם זיך ניט!
נאַ דיר נאָך אַ ביימל-צוויט;
נעם דיר נאָך אַ בלומענבייט!
— נו, אַצינד שוין פול דיין פרייד?

נאָר ער, ווייטער, אַבי וואָס,
באַלד מיט טרערן טוט אַ גאָס
און ער כליפּעט מיט פאַדראָס:

— איך וויל יענץ!
און אַיך וויל דאָס!
און איך וויל!
איך וויל!
איך וויל!!!
— עע!...
דאַכט זיך ס׳איז ביי דיר אַ שפּיל!?
צעלאַכט זיך זון, מיט שטראַלן ברייט
— אויב אַזוי? געזונטערהייט!...
גלעט די זון אים: — פרילינגל מיין,
ס׳וועט דיר מירטשעם — גאָרנישט זיין!...

# אונדזער שול

קומט קינדערלעך אין שול אַריין
וואָס קען פון דעם נאָך בעסער זיין
ווי לערנען זיך טאָג אויס טאָג איין?
דערוויסן זיך אַלץ נאָכאַנאַנד
פון אונדזער פאָלק און אונדזער לאַנד.

מיט וויסן פול
איז אונדזער שול!

אַ יעדעס קינד פונסניי הייבט אָן
צו לערנען פון בראשית אָן
און פון דעם ערשטן ייד אברהם.
פון „לך־לך" דער וואַנדער־וועג
וואָס ציט זיך ביז צום אייגן ברעג

מיט אייגנס פול
איז אונדזער שול!

פון אומעטום, פון גאָר דער וועלט
וו ס'האָט אַ ייד אַ טריט געשטעלט
און אויפגעקלאַפּט דאָרט אַ געצעלט
צו מזרח תמיד זיין געזיכט
צום לאַנד וו ס'גייט אויף אונדזער ליכט

ווי ליכטיק פול
איז אונדזער שול!

און אָט אַצינד אין אונדזער צייט
מיר האָבן זיך אַליין באַפרייט
זיך ווידער ווי אַ פאָלק באַנייט
און אונדזער שול פאַרגרייט און זייט
אין יעדן קינד גאולה-פרייד.

און פריידיק פול
איז אונדזער שול!

# סאַרמיענטאָ

סאַרמיענטאָ — לערער פון לערער,
מוסטער פון מוט און פון קראַפט;
דער ווילן צו וויסן אַלץ מערער
און פלייסיקייט וווּנדער באַשאַפט.

פון זיך אַליין האָסט אָנגעהויבן,
און אָן קיינעמס הילף, טראָט ביי טראָט:
געשטיגן מיט פלאַמיקן גלויבן,
געצונדן געבאָט נאָך געבאָט.

גערעכטיקייט, פרייהייט און וויסן
מיט שלום מוז גיין האַנט ביי האַנט
און ס׳מוזן די ברכות געניסן:
— פריי אַלע קינדער פון לאַנד.

דו האָסט אונדזער היימלאַנד באַגינען
נאָך שטורעם פון פינצטערער נאַכט;
די ליכטיקע שיין אַרגענטינע
פון נייעם זון-אויפגאַנג געבראַכט.

ווער האָט אונדז די שולן געגעבן
ווו טאָג נאָך טאָג לערנען מיר מער;
אַ לויטערער קוואַל איז דיין לעבן,
פאַר אונדז איז דיר גאַרנישט צו שווער...

און גליקלעך אין שול אַריין ציען
אַצינדער די קינדער פון לאַנד
מיט מונטערע קלאַנגען, עס בליען
ביי יעדן אויך בלומען אין האַנט.

מיט ליבשאַפט, פאַרערונג אין האַרצן,
און פרייד אויפן פנים צעשטראַלט
אין יאָר-טאָג דיין בילד מיר באַקראַנצן
און בענטשן דיין ליכטיק געשטאַלט!

# אינהאַלט

מיין טיפסטן דאַנק דריק איך דאָ אויס אַלע דערמאָנטע פריינט, וועלכע האָבן מיר מיטגעהאָלפן מיט זייער ביישטייערונג און דורך דעם דערמעגלעכט דאָס דערשיינען פון דאָזיקן בוך.

שמואל גלאַזערמאַן און פרוי
סימאָן אָרענשטיין און פרוי
איסאַק פּאַכאַמאָווסקי און פרוי
יעקב און אַדעלאַ וואָראָבעטשיק
דוד און מאַטילדע גערמאַן
אשר און גיטל גראָקאָפּ
דוד קולאַקאָווסקי און פרוי
ברידער קאַנטאָר
לעאָן מיטעלמאַן און פרוי
משה ווינאָגראַד און פרוי
שמואל קליינבאָרד
פּנחס בערטיטש
מאַנועל און גיטל גרינשפּון
שמאי און פריידע טראַפּטער
מיגעל וועטשטיין און פרוי
משה קלימאָווסקי און פרוי
מאַקסימאָ קופּערשמידט און פרוי
משה טריק און פרוי
בערנאַרדאָ כאַראַק און פרוי
יעקב טייער און פרוי

ברידער שוסטערמאַן
ע. טעאָובאַל
צווייטע האַנדלס־קאָאָפּעראַטיווע
י. בעלאַסאָקאָווסקי
קדיש ווייס
מיכל פישמאַן
משה קאַרנער
וואָלף פּאָליאַק
חיים יפה
אליעזר און שיינע־מלכה בוקאָווסקי
שמעון און שיינע קירשמאַן
משה און באַשע פּאָלמעסקי
אברהם אַשענדאָרף און פרוי
צבי און גיטל רויטמאַן
גדליה און דוואָשע בעזרוק
בערל יאַקירא און פרוי
יוסף און דבורה באַנעט
לאה באַנעט דע באַנעט
ישעיה באַנעט און פרוי
נתן און זעלדע טערקעלטאַוב

יחיאל מאַוער
שמואל און חיה מוליער
פנחס קיפּענבאַנד
נחום און גיטל ברזובסקי
אסתר פּאָדגאַיעטצקי (אין אָנדענק פון איר מאַן לעאָן ע"ה)
חנה אורבאַך און קינדער (אין אָנדענק פון מאַן און פאָטער יעקב ע"ה)
סאַמועל אַווערבאַך
ברידער איוואַן
ברידער קעמפּפער
ברידער גאָלדענבערג
העניע פּאָליאַקאָוו און קינדער (אין אָנדענק פון מאַן און פאָטער דוד ע"ה)
דוד הירש און פרוי
ראַול און דינה רעזניק
זכריה בן יוסף בעקקאַ
לוי יצחק נעמיראָווסקי
אברהם און אסתר שוואַרצפאַרב
אברהם סאַנדלער
פערל פעפער און חנה פעפער דע טעלעסאָן (אין אָנדענק פון מאַן און פאָטער חיים ע"ה)
שלמה דרוקאַראָף (אין אָנדענק פון זיין פרוי העניע ע"ה)
שמואל לעווין און פרוי
פייגין־רוטענבערג
קלאַראַ מיראָטשניק (אין אָנדענק פון איר מאַן שמואל ע"ה)
לאה ריעסעל דע וויים (אין אָנדענק פון איר מאַן אפרים ע"ה)

ראָסיטאַ ריסיקאָף רוטענבערג (אין אָנדענק פון איר מוטער פאַיע ע"ה)
סאַלאָמאָן קוראָס (אין אָנדענק פון זיין מוטער עטל ע"ה)
חיים אַקערמאַן (אין אָנדענק פון זיינע עלטערן שלמה און לאה ע"ה)
מאיר אַלבום און פרוי
יצחק ביסטראָוויטש און פרוי
שרה ברודנאָ
ליובאַ ראַבינאָוויטש
מאַרקאָס גאַרניק און פרוי
סנדער ראָזענבאַך און פרוי
אלתר משה און פּאַולינאַ אייזענשלאָס
חיים און ברכה טשערנאָמאָרעטץ
לעאָפּאָלדאָ און טאָניע קלוגער
משה און טוניע קלוגער
משה פערעלמאַן לכבוד זיין פאָטער מענדל
יצחק יהודה און רבקה גראָסמאַרק
יוסף מאַרגאָליס
בער קאַפּלאַן און פרוי
לוי יצחק בליומענזאָן
יוסף אַלטמאַן און פרוי
משה פיינבערג
סימאָן מאָלדאַוואַן
בריק און ביידער
חיים שאָסטאַק און פרוי
קאַרלאָס קאָסטענבאַום
אפרים זיצער

שמעון און חוה זאַפּאָראָווסקי
אליהו סטוקאַלסקי
קאַרלאָס קורהאַבער
יוסף גענים
מאיר הרכבי
פאַני ראָזענבערג
הערש און פאַני קעלער
בן־ציון און מרים בעדער
מינאַ האַבאָס

יעקב ווייס און פרוי
חיים און פּאָלאַ פּאָפּאָווסקי
יואל הערש עדעלמאַן
שיע־דוד מערקיער
דוד לובלינסקי
ריווע אַפּטער
דינאַ באַש
סימאָן און לאה מאַרסיק
נתן מיסיאָר

MARTHA STUKER DE PAIUK

# EL ARBOL ENCANTADO

POESIAS Y POEMAS PARA NIÑOS



Buenos Aires República Argentina

1961